מ. פראנקענטאל

# נאכט־שאטענס

דראַמאַטישע פּאָעמע
אין דריי אַקטען.

וואַרשע 1929 לאָדזש
פאַרלאַג\די טעאַטער־וועלט

M. FRANKENTAL

# NOCNE ĆMY

Poemat dramatyczny
w 3 aktach.

Wydawnictwo
Di Teater-Welt
Łódź, Południowa 32|4.

Dr. J. Djament Łódź, Kilinsk. 50

# פארשוינען:

| | |
|---|---|
| אַנאָרקאַ | נקבות |
| שרה'טשע | |
| דער אינוואַליד | |
| שלמה סקיווקע | גנבים. |
| אָלעק טיצער | |
| דער שכּור און | |
| ס'ווייב | |
| די אַלטע | |
| הויקערטע | |
| דינסט | |
| עמיצער | |

נקבות, געסט, בלאטע און עולם

## אין אַ ווינטער-נאַכט.

די גאַס איז פאַרשיט מיט שניי, אַ ווינט בלאָזט און וואָיעט מיט משונה-ווילדע קולות, הייבט-אויף ברילעס שניי און צעטראָגט זיי אין דער לופט. ע׳-גייך-ווייט הערט מען געזאַנג פון אַ פריילעכע חברותא. פון צייט-צו-צייט לויפען שנעל פאַרבאַ שליטענס, און מיט גלעקלעך-קלינגעריי פאַר׳שווינדען זיי אין דער ווייטקייט אַריין.

אין עק-גאַס, נעבען לאַמטער וואָס וואַרפט אַ גרינעם-שיין — שטייט אַנאָ׳קאַ אָנגעשפאַרט אָן איר, פאַרציהט אַ פּאַפּיראָס און וואַרפט פאַרפירעשע אייגעלעך צו די פאַרבייגייער. שרה׳טשע זיצט אויפ׳ן קלעצעל באַ׳ם טויער. מענטשען שפּאַצירען רוהיג הין-און-צוריק איבער דער גאַס. קורצע פויזע.

# ערשטע סצענע.

## אַנאָרקאַ — שרה׳טשע.

### אַנאָרקאַ :

*ברומט עפּעס אַ לידעל אונטער די נאָז, שטיל און הארציג.*

### שרה׳טשע :

*נאָך אַ ווײַלע.* ס׳גייט אונז היינטיגען אָווענט פּילעהעריש. מ׳זעהט נישט אַ גאַסט, אויף אַ רפואָה ?

### אַנאָרקאַ :

*אין שרעק.* אונזערע פּנימער זענען אויסגעמאַטערטע, די אויגען פאַרלאָשענע: דער טויט קוקט אַרויס פון זיי... דער עולם שרעקט און אַנטלויפט פון אונז.

### שרה׳טשע :

*זיי זוכען עפּעס שענערס.* כאַ—כאַ ! *לאַכט צעיש.*

**פּויזע.**

*פון אונטער די קוליסען דערהערט מען אַ שכור׳לעך-הייזעריג קול,*
*דער שכור קומט אָן, אים באַלייט זיין ווייב.*

# צווייטע סצענע.

## די פריהעריגע—דער שכור מיט׳ן ווייב.

### דער שכור :

*רעדט צו איר.* וואָס לויפסטו מיר נאָך ווי אַ שאָטען ? הא ?..

*זאָגט אַ באַוועגונג.*

## דאָס ווייב:

מיט געבעט. קום אַהיים. האָסט דיך אָנגעטרונקען, וועסטו ליגען דיך אויסרוהען און אויפהערען פראַווען דיינע בייזע שטיק — אַרויסשטעלען אויף לייטיש געלעכטער... קום! שלעפט אים.

## דער שכור:

בייז. טשעפע דיך אָב. אז נישט... שטעלט אָן א פויסט איר צום פנים.

## דאָס ווייב:

קענסט מיט מיר טוען וואָס דו ווילסט. העכער כ'וועל דיך נישט איבערלאָזען אַליין. צווישען אַזעלכע כאַגעס: זיי קענען דיך נאָך אָנרעדען, צו אַל'דאָס בייז —

## דער שכור:

קוקט אין אַלע זייטען, דערזעהט די בקבות וואָס ווינקען צו אים שעלמיש, רופט אויס. אַ—אַ—אַ! באקוקט זיי. דאָס איז סחורה. דאָס געפעלט מיר. ציניש. אָבער, נישט אַזא אַלטע שאַכטע, ווי דו? ווייזט אָן אויפ'ן ווייב. לאַכט שפּאָטיש.

## דאָס ווייב:

ביטער. מיר ליידען הונגער און קעלט אינדערהיים. און דו שכור'סט גאַנצע טעג... אַרבעט האָסטו נישט... כ'האָב שוין פארמשכנ'ט ס'לעצטע ביסעל אָרעמקייט... געבראָכען. וואָס וועלען מיר ווייטער טוען? אפשר. זאָל איך מיט די קינדער אַרויס אין דער גאַס אַריין און בעטען נדבות... מיט די לעצטע כוחות. שחט אונז אויס, בעסער — און לאָ'מיר פטור ווערען פון דעם קוואַל... דו שכור איינער! דערשלאָגען. קום אַהיים. האָסט אַ ווייב... קינדער... זאָרג וועגען זיי...

### דער שכור:

אויפגערעגט. ווער שוין פאַרשטומט, דו אלטע באזאַרניצע. צו זיי. וואָס שטייט איר, ווי די ליימענע גולמ׳ס? קומט — אין א סוף זאָל דאָס נעמען. שלעפּט זיי מיט זיך.

### אנאָרקאַ:

פעטער, אזש צוויי דאַרפט איר האָבען?

### דער שכור:

אין פארלעגענהייט. ניין, איינע קען גענוג זיין.

### אנאָרקאַ:

װעמען ווילט איר נעמען?

### דער שכור:

שטאַמעלט. דאָס וועלען... מיר... זעהן...

### דאָס ווייב:

גלייכצייטיג. זיי וועלען דיר נאָך אויסטועץ ס׳העמד פונ׳ם לייב און צונעמען די הויזען... דו אַלטער בעל עבירה׳ניק! וויינט. דאָס מוז איך אליין צוזעהען, אויף מיינע אַלטע יאָר. ווי, וואָס כ׳האָב אַלץ דערלעבט. צושלוכצט זיך אין א יאָמערליך־געוויין, גייט אָב.

## דריטע סצענע.

### אנאָרקאַ, שרה׳טשע — דער שכור.

### דער שכור:

קוקט איר שטיל נאָך, בלייבט שטייען פארטראַכט, ווערט פארזינקען אין געדאַנקען, קורצע פויזע.

### אַנאָרקאַ:

ווינקט שעלמיש צו שרה׳טשען, וואָס שטייט און לאַכט קוקענדיג אויפ׳ן שכור׳ס ערנסטער פּנים. אפשר, וואָלסטו גאָר דיך פאַרליאַפּעט אין אים? קוק

אָן דעם פּארשוין, אַ באַשמעקטער מענטש. אַ מחיה צוקוקען אויף אים.

שרה׳טשע:

האַלט דיר אים —

אַנאַרקאַ:

מיך נעמט ער נישט. סיידען, טשיזי זאָל טאָקען גראָב באַש.

דער שכּור:

מיט תאוה. כ׳האָב ליב אַ נקבה וואָס איז אַ ברען, פּייער — נישט צורונען טייג. פינטע׳ט מיט ד׳אויגען. אויב שוין זינדיגען, זאָל עס האָבען אַ טעם. זוינקט צו ביידע וואַ״עריש, לאַכט ציניש.

שרה׳טשע:

לאַכענדיג. פּעטער, איר מוזט אָבער האָבען יענע זאַכען, כּדי צופאַרבלייבען מיט אונז.

דער שכּור:

שטייט קוים אויף די פיס. ווער פרעגט דיך? קענסט מיר אפילו צוצאָלען, וועל׳ך אויף אַזאַ שטיק נבלה ווי דו, אויך נישט ווען קוקען.

שרה׳טשע:

שעלמיש. אַזוי? כ׳געפעל אייך נישט..? וועל׳ך וויינינגער האָבען אַ שלעפער, די היינטיגע באַכט בא מיר. לאַכט ציניש.

דער שכּור:

אייפגערעגט. קוק נאָר אָן, די אַלטע ה... זי פוצט מיך? העכער. סאַנזשיר דיך אַ וועק... פליה! ווייזט מיט דער האַנט אויף די זייטען-גאַס.

שרה׳טשע:

רוהיג. אַ רוח אין דיין מאַמעס מוטער די באָס. דו אַלטער ה—זיהן, האַלט דיך איין. וואָרום... כּאַפּסט אַראָב אַ פּאָר טשערמעק

איבעד'ן שיידעל, פארגעסטו באלד ווי דו הייסט. נעמט אן א פאזע.
לאבראוואנץ, קום אהער ! פודעל ! לויפט צו אים מיט אימפעט.

אנארקא:

פארשטעלט איר דעם וועג. מיט וועמען הייבסטו אן ? מיט א שטומפ — ער וועט דיך נישט שליגען. דו וועסט קריגען דיין אפשניט, וועסטו נאכדעם ליגען איינגעלייגט, ווי אנ'ענגלישע מאלפע... שטילער. ווילסט מיר זאלען גייען שב'ען ? כילי שוין !

שרה'טשע:

פארביסען. ווי פארשטאכענע אויגען דאס האט. זי גיט אים גאר גערעכט. קוקט ביין אויף איר.

אנארקא:

קא—זאק, פארגעסט שוין דיינע אמאליגע בייזע שטיק? שטופט זי ארויס אין דער שכנות'דיגער גאס אריין, שרה'טשע וויל נישט ארויסגייען, בלייבט נאך א ווײַלע שטייען און קוקט מיט שפיזיגע אויגען אויפ'ן שכור, צולעצט גייט זי שטיל אב.

# פערטע סצענע.

## אנארקא — דער שכור.

אנארקא:

נישט - בעדולדיג. פעטער, וואס וועט זיין ?

דער שכור:

פארשלאפען. הא ..?

אנארקא:

גייען מיר —

דער שכור:

וואו-אהין ?

אנארקא:

גייט צו צו אים גאנץ נאהענט, לייגט ארויף אויף אים איר שולטער, קוקט

אים שעלמיש אין ד׳אויגען אריין. קומט, מיט מיר... כ׳וואָין דאָ אַליין...
וועלען מיר גוט פאַרברענגען צווישען זיך...

דער שכור:

וויי אויפגעכאפּט פון שלאָף. גוט.

אַנאָרקאַ:

ווי פריהער. און קלימפּערס —

דער שכור:

כ׳האָב.

אַנאָרקאַ:

באפוילעריש. צייל איבער.

דער שכור:

שווייגט.

אַנאָרקאַ:

פעטער, כ׳מוז קריגען פּאַראויס.

דער שכור:

קלאפּט אויף די טאש. אָט, דאָ ליגען זיי.

אַנאָרקאַ:

קום אַהער. שטעקט אריין די האנט אין זיין טאש, זוכט דאָרט א קורצע
ווייַלע, דער שכור מאכט דערבא פאַרשידענע נארישע גרימאַסען.

דער שכור:

הער מיך אויף צו קיצלען. כ׳האָב פיינט, אז א פרוי
באַרירט מיך —

אַנאָרקאַ:

שלעפּט ארויס א קופּע מטבעות, פאַרשטעקט זיי אין בוזים, דער שכור זאָל
עס נישט זעהען, מאכט אנגעיוועט אָנשטעל. כ׳האָב שוין געזעהען וויפיל

די פארמאָגסט. אָבער, שפעטער וועלען מיר נישט דארפען צו קרינען זיך?

דער שכור:

כ׳וועל דיר נישט טוען אנ עולה.

אנאָרקא:

גוט. האָט שוין געוואָלט גייען, בלייבט שטייען אויפ׳ן ארט. געב מיר אויף א פאָטשאָנטעק...

דער שכור:

כאפט ארויס א קופע מיט מטבעות. אָט, האָסטו דיר, און ווייס, אז כ׳בין נישט. א ליאַדע שלעפער פון דער גאַס אראָב.

אנאָרקא:

קעציש. מ׳דערקענט. די ביזט, א באַטרונקענער פריץ...

קום! אנארקא מיט׳ן שכור אָב.

# פינעפטע סצענע.

## שרה׳טשע — דער אינוואַליד.

דער אינוואַליד: קומט אָן, דעם שונעל אָנגעהאָנגען אויף זיך, די רעכטע האנט איז פארבאנדאזשירט בא אים און דער אָרעם הענגט אראָב אויף א ברעטעל, ער אליין זעהט אויס קרענקליך-בלייך. מיל גייען ווייטער, שרה׳טשע פארשטעלט אים דעם וועג.

שרה׳טשע:

פון דערווייטען. העי, יונגערמאַן.

דער אינוואַליד:

האָט אומגעדרייט זיך. מיך מיינט מען —

שרה׳טשע:

שיסט אויס מיט א געלעכטער. כאַ—כאַ—כאַ!

### דער אינוואַליד:

פאַרחיידערט. ווער לאַכט דאָס, אַזוי?

### שרה'טשע:

איר אנטלויפט פון מיר?

### דער אינוואַליד:

קוקט זי אָן א לענגערע צייט, בלייבט שטייען ווי פאַרשטיינערט.

### שרה'טשע:

קאָקעטיש. כ'געפעל אייך, וואָס איר קוקט אַזוי שטאַרק אויף מיר?

### דער אינוואַליד:

מיט א וויי-געשריי. שרה'טשע...

### שרה'טשע.

לאַכענדיג. אַזוי הייס איך.

### דער אינוואַליד:

צו זיך. דאָס איז זי. פּלוצלונג. ס'קען נישט זיין... איז'ס מעגליך... אפשר? צוליב גויט! ? האַסטיג. לאָמיך אַנטלויפען! צו איר. פון וואַנען קומסט דו דאָ אַהער.

### שרה'טשע:

ציניש. ווילסט עס וויסען. קום, וועל'ך עס דיר זאָגען. גייט צו צו אים נאָהענט, שפּרינגט אָב מיט שרעק. אָ, זשאַק — —

### דער אינוואַליד:

בלייכצייטיג. שרה—טשע — — מיין — — — — ענדיגט נישט.

פּויזע.

### דער אינוואַליד:

הייבט אָן צו רעדען, נאָר טרערען שטיקען אים. זאָג מיר, פון וואַנען קומסט דו דאָ אהער... וואָס איז די סבה... ווער איז דער שולדיגער...

### שרה'טשע:

טייזט מיט דער האנט. דו —

### דער אינוואליד:

דערשראָקען. איך... גאָט איז מיט דיר! וואָס רעדסטו?

קען אנ'אָרט נישט געפינען.

### שרה'טשע:

טאָגירט שטארק. דו אליין —

### דער אינוואליד:

נאָך א ווײַלע. איך בין דאָך אַוועק אין דער מלחמה און דו ביזט געבליבען אין דער היים: באַ דײַנע רײַכע עלטערען..?

### שרה'טשע:

שלאָגט אים איבער. אונזער שטעטעל איז אַוועק מיט'ן רויך, בשעת די גרויסע שלאַכטען אויף אונזער טעריטאָריע. צוגעבענדיג. שפּעטער, איז פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם: מײַן טאַטע און מאמע זענען אומגעקומען, אונזער שטוב איז צוראבירט געוואָרען, און איך בין געבליבען אַ קיילעכדיגע יתומה... מיט געבעט. אָבער, וואָס ווילסטו פון מיר? וואָס ווערסטו אויף אין מיר וואונדען, וואָס טריפען מיט בלוט פון האַרצען? שרייט אויס. לאָמיך צורוה! גיי אַוועק פון דאנען, אז נישט וועט עפּעס מיט מיר געשעהען!

### דער אינוואליד:

מיט געבעט. באַרוהיג דיך. האָסט דאָך געקענט צו מיר ווענדען נאָך הילעף. האָסט דאָך געוויסט, אַז איך בין שטענדיג גוט געווען צו דיר. פאַרוואָס האָסטו געשוויגען..? ביטער. איך בין דאָך געווען דײַן חתן — האָסטו אין מיר גאָר פאַרגעסען... איך האָב געדאַרפט וויסען, דערפון? העכער. ווי קען אַ מענטש, אַזוי נידערי'ג פאַלען... זינקען אין שמוץ...

### שרה'טשע:

*צולאכט זיך היסטעריש.* כאַ — כאַ — כאַ! אַזוי וואָלסטו מיר סאַקע געהאָלפען? אַ שאָד נאָר. וואָס כ'האָב אין דיר פאַרגעסען? *אויפגערעגט.* וויפיל מאָל האָב איך מיך געווענדט צו דיר, דו זאָלסט דיך אויף מיר מרחם זיין, כאָטש אומקוקען אויף מיר — חדשים־לאַנג האָב איך געוואַרט, אויף דיין תשובה. אָבער... *חעכער.* אין זוניגע טעג בין איך ווי אַ שאָטען אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסען — זוכענדיג דיך; אין די נעכט האָב איך פאַרלוירען די רוה, כ'האָב היציג געפיבערט אויף מיין געלעגער — זעהענדיג דיין בילד פאַר מיר. *געבראָכען* כ'האָב געליטען הונגער... כ'האָב געפרובט מיך דערשלאָגען צו עפעס אַ פרנסה, צו פאַרדינען אויפ'ן טרוקענעם שטיקעל ברויט... אָבער — אַלע טירען האָבען צוגעמאַכט זיך פאַר מיר... אַלץ האָט מיך אָבגענאַרט... מיינע האָפענונגען זענען געווען פאַלשע... כ'בין קראַנק געוואָרען פון עגמת נפש...

### דער אינוואַליד:

*פאַרמעלט.* אָי, ווי שווער האָב איך געזינדיגט.

### שרה'טשע:

*היסטעריש.* דאָס לעבען איז אָבער נישט אַזוי שרעקליך. — *נאָך א ווײַלע.* כ'האָב באַקענט אַ מענטש, וועלכער האָט מיר צוגעזאָגט אַרויסצוהעלפען פון מיין שווערער לאַגע. *צוגעבענדיג.* די ערשטע צייט איז ער זייער גוט געווען צו מיר, גענאָרגט, געטוען אַ סך פאַר מיינעטוועגען — כ'האָב געמיינט, אַז דער מענטש לעבט נאָר פאַר מיר. *נאָך א ווײַלע.* איינמאָל זייענדיג מיט אים, מיר האָבען אַ ביסעל פריילעך פאַרברענגט צווישען זיך און געטרונקען: אין יענער נאַכט... כ'ווייס נישט, וואָס ס'איז

דאַמאָלס געווען מיט מיר? צי ער האָט מיך פאַרכישופט אָדער, כ'בין געווען שכור..?! נאיוו כ'בין צו דעם מענטש געווען שטאַרק צוגעבונדען, כ'האָב אים פאַרגעטערט, אמת'דיג ליב געהאַט. — ס'ערשטע מאָל האָב איך באַגעגענט אַ מענטש, וואָס איז שטענדיג גרייט צו העלפען דעם צווייטען אין זיין נויט: מיט אַ וואַרים האַרץ און ציטעריג געפיהל איז ער כסדר געשטאַנען פאַר מיר.

**דער אינוואַליד:**

פארביסען **דאָס זאָגסטו** מיר —

**שרה'טשע:**

ציניש כ'האָב גערעכענט, אַז די לעבסט שוין נישט מעהר. מיט אַ ווייי-געשריי. כ'בין געפאַלען אַ קרבן. כ'האָב אים צופיל געגלייבט אין זיינע זיסע רייד: ער וועט מיך גליקליך מאַכען, מיט מיר חתונה האָבען... האקט איבער. שפעטער איז ער אַנטלאָפען פון מיר, מיך געמיטען; כ'האָב אים אויפגעזוכט און ערענסט גערעדט מיט אים, ער האָט אָבער מיך אויסגעלאַכט.

**דער אינוואַליד:**

שרייט אויס. **דאָס איז געמיין. אַנ'אויסוואָרף.**

**שרה'טשע:**

**איר זענט אַלע דיזעלבע.**

**דער אינוואַליד:**

**אָבער, נישט אַלע האָבען אַזאַ באַציהונג צו דער פרוי—**

**שרה'טשע:**

**איר דאַרפט האָבען דאָס ווייב צו שטילען אייערע ליידענשאַפטען.** העכער. **דאַריבער האָב איך באַשלאָסען, איינמאָל פאַר**

אַלע, נישטמעהר צו לעבען אין א וועלט פון אַליין-גענאַרעריי; כ'וויל זיין אַליין... נישט געהערען צו קיינעם... צונעבענדיג די נויט האָט מיך געטריבען... די מענטשען האָבען מיך אָבגענאַרט... קיין ברירה האָב איך נישט געהאַט... מיט געוויין. כ'האָב געמוזט טוען עס: כ'בין אַרויס אין גאַס, מיך פאַרקויפען... טראַגיש קויפט אַ יונגען גוף, וואַרים האַרץ, ליבע פאַר געלט... קויפט מענטשען, איר זענט דאָך גוטע, איידעלע — איר האָט דאָך יעדען ליב צו העלפען אין דער נויט... כאַ—כאַ—כאַ ; לאַכט ציניש.

**פ ו י ז ע.**

## שרה'טשע :

פלוצלינג, נאַרישקייטען. — נאָך א וויילע אפשר ווילסטו זיין היינט'יגען אָוועט, מיין גאַסט ?

## דער אינוואַליד :

דערשראָקען. ווי אזוי רעדסטו צו מיר —

## שרה'טשע :

קומט אריין אין דער ראָל. כ'געפעל דיר נישט..? כאַ—כאַ—כא ! קום, כ'וואָין אַליין... מ'וועט אונז נישט שטערען... מיר וועלען גוט פאַרברענגען...

## דער אינוואַליד :

דערשלאָגען. וואָס הערען מיינע אויערען ? וואָס געשעהט דאָ מיט מיר ? צי זעה איך דאָס אַלץ אין חלום אָדער, אויפ'ן וואָהר ? פעסט. הער, אויב דו ביזט אין אַ נויט — מוזט פאַר-דינען אויפ'ן טרוקענעם שטיקעל ברויט. קענסטו דאָך דיר אויס-קלויבען אַ מלאכה, דו זאָלסט בכבוד לעבען און קענען קומען צווישען לייטישע מענטשען.

שרה'טשע:

רייסט אים איבער. זיי קומען צו מיר. כאַ—כאַ—כאַ!

פויזע.

דער אינוואַליד:

נאָך אַ ווײַלע. ווילסט גייען מיט מיר —

שרה'טשע:

וואו־אַהין?

דער אינוואַליד:

ווי פריהער כ'וועל דיר אויסזוכען אַ היים. דו וועסט קענען רוהיג לעבען, מיט דער צייט איינאָרדענען זיך און שפּעטער...

שרה'טשע:

ביטער וואָס וועט זיין?

דער אינוואַליד:

אויב כ'וועל זעהען דו פיהרסט דיך לייטיש אויף, האָסט פאַרגעסען דיין אמאָליג לעבען, אַז דו ביזט שוין גאָר אַנ'אַנדערע: וועל'ך ויסען וואָס כ'האָב ווייטער צוטוען.

שרה'טשע:

סאַרקאַסטיש. וועסט מיט מיר חתונה האָבען —

דער אינוואַליד:

אפשר.

שרה'טשע:

וועסט עס קענען פועל'ען בא דיר. נאָך אַ ווײַלע. וועסט דיך שעהמען מיט מיר צו־ווייזען אין אַ לייטישע געזעלשאַפט, מ'וועט דיך אויסשפּעטען.

### דער אינוואַליד:

*שווייגט.*

### שרה'טשע:

*כ'באַשטיי. נאָך אַ ווײַלע.* כ'נעם מיינע זאַכען און גיי שוין מיט דיר. *שפּעטער.* גיב איך אָב די כתיבה און ווער אַ כשרה יודישע טאָכטער...

### דער אינוואַליד:

*האַלט זי אָב.* ס'מוז אָבער נאָך געדויערען —

### שרה'טשע:

פאַרוואָס?

### דער אינוואַליד:

ווייל...

### שרה'טשע:

*שעלמיש.* האָסט חרטה געקריגען. כאַ—כאַ—כאַ!

### דער אינוואַליד:

כ'מוז צוערשט מיך אַרומזעהען —

### שרה'טשע:

*גאַליג.* דו דאַרפסט דיך נישט מרחם זיין איבער מיר. וואָס בין איך פאַר עמיצען..? *איינגעלעבט.* קום אַריין צו מיר, וועלען מיר האָבען אַ פריילעכע נאַכט. *שלעפּט אים מיט זיך, ער וויל אַרויסרייסען זיך פון אירע הענט.*

### דער אינוואַליד:

*מיט געבעט.* לאָז מיך אָב. וואָס ווילסטו פון מיר? ס'קען נאָך עמיצער דערזעהען: וואוהין דו שלעפּסט מיך, אין שאול תחתיה אַריין.

### שרה'טשע:

האַרפּט אים אַנידער אויף דר'ערד. יאָלדישע נשמה, האָסט מורא
אַז דו וועסט דיר דעם יחוס איינריכטען... כאַ—כאַ—כאַ!

### דער אינוואַליד:

שטייט שטיל אויף, גייט שנעל אַב.

## זעקסטע סצענע.

### שרה'טשע — שלמה.

### שלמה.

קומט אַן מיט שטילע טריט, קוקט מיט חשד-בליקען ארום זיך, לייגט
אריין עטליכע פינגער אין מויל אריין און גיט אַ הויכען פייף, שרה'טשע דער-
הערט עס שפּרינגט זי אויף דערשראָקען, מאַכט צורעכט זיך די האָר, לויפט
שנעל צו אים, שמייכעלט פארלעגען.

### שרה'טשע:

מיט פרייד. שלמה, וואָס מאַכסטו?

### שלמה:

שוויינט.

### שרה'טשע:

ביזט שוין לויז געגאַנגען?

### שלמה:

קאַלט. זעהסט דאָך.

### שרה'טשע:

ווי פריהער. ווער האָט דיך אויסגע'שחור'ט.

### שלמה:

נישטצופרידען. האָסט מיך געמאַכט קאַנטער אויפ'ן פארהער?

שרה'טשע:

פארלעגען. ניין.

שלמה:

גיפטיג. זיי האָבען מיך געפּאַקט און שפּעטער צוריק איינגעקוועטשט — בין איך אַ צווייט מאָל געגאַנגען פּליטה.

ביידע: לאַכען הויך אויפ'ן קול.

פּויזע.

שרה'טשע:

האָסט צו פינקלען?

שלמה:

עלעגאנט. מיט'ן שענסטען בזיון. גיט איר אַ פּאַפּיראָס, ביידע פאררייכערען.

שלמה:

נאָך אַ ווײַלע. וואו איז אַנאָרקאַ?

שרה'טשע:

האָסט זי נאָך אַלץ נישט פאַרגעסען —

שלמה:

כ'דאַרף זי זעהען.

שרה'טשע:

פלעגמאַטיש. זי האָט אַ גאַסט באַ זיך...

שלמה:

פלוצלינג. אָלעק, איז עפּעס אַ הערגעקומען צו איר?

שרה'טשע:

גלייכגילטיג. יעדען אויפדערנאַכט זיצט ער אָב באַ איר עטליכע שעה — אָפּטמאָל פלעגט זי נישט אַרויסגייען אויפ'ן פאַרדינסט, נאָר פאַרברענגען מיט אים... מ'פלעגט מאַכען בעלער

צו גאַנצע נעכט. נקבות האָבען נישט אַהיימגעגומען קיין געסט, כּדי מ׳זאָל זיי נישט שטערען.

שלמה:

און קעש —

שרה׳טשע:

זי גיט אים.

שלמה:

רוהיג. די שמחה וועט זיי פאַרשטערט ווערען. כ׳וועל דעם יאָט אַראָפּרוימען פון וועג.

ש וו יי ג ע ן.

שרה׳טשע.

מאַכט-זיך צורעכט די טואַלעטע. שלמה.

שלמה:

וואָס ?

שרה׳טשע :

ווייסט, כאָטש זי האָט שטענדיג ליב צו פּראַלען... זי רעדט אַלע איין: זי האָט רייכע געסט, וואָס צאָלען איר מי יודע וויפיל... עגדערט דעם טאָן. לאָך איך מיך אויס פון אירע אַלע גליקען: כ׳האָב לעצטענס אָנגעקליבען אַ היפּשע אַפּטיקאַ.

שלמה:

אַזוי גאָר. צוגעבענדיג. כ׳האָב מיך שטענדיג געוואונדערט, ווער וויל אויף אַזאַ לעדער-פערד ווי זי, אַפילו גאָר אומקוקען זיך... באַקוקט זי. דו ביזט דאָך אַ מויד אויס׳ן פּלאַץ, דו קענסט טאָקע געפעלען —

שרה׳טשע:

מיינסט עס ערענסט.

שלמה:

ווייסט דאָך, אַז איך האָב שוין לאַנג אויף דיר געוואָרפען אַנ׳אויג. כ׳האָב דיך נישט פיינט...

שרה׳טשע:

באמת —

שלמה:

די פריי זאָל מיר אַזוי דינען.

פויזע.

שרה׳טשע:

פלוצלינג. שלמה, קוק דיך אום אויף מיר. כ׳בין דאָך אַ קיילעכדיגע יתומה...

שלמה:

וואָס ועט זיין —

שרה׳טשע:

ווי פריהער. כ׳בין אַ נקבה, וואָס פאַרשטייט אַזאַ יונג ווי דו צו שוינען; דו קענסט באַ מיר מאַכען אַ לעבען; זאָל איך די נכפה קריגען, אויב כ׳וועל דיר נישט געטריי זיין— דיך אָבהיטען ווי ס׳שוואַרצע אַפּעל פונ׳ם אויג...

שלמה:

אָבער...

שרה׳טשע:

שנעל. וואָס —

שלמה:

עי, גאָרנישט... כ׳האָב גאָרנישט דערמיט געמיינט.

שווייגען.

**שלמה:**

ערענסט. כ'בין אַ מענטש אַ געשטעמפּעלטער, אַ מאַרוויכער, מ'שפּירט מיר נאָך פון אַלע זייטען: פּאָליציי זוכט מיך... כ'האָב נישט אַזויפיל האָר אויפ'ן קאָפּ, וויפיל וויראָקען כ'האָב אָבצוזיצען...

**שרה'טשע:**

שווייגט.

**שלמה:**

רעדט ווייטער. בין איך אויף דער פריי — באַגיי איך פרישע גנבות... און אַזוי כסדר... כ'זיגק, וואָס אַמאָל אַלץ טיפער... ווי אַזוי קען איך אַרויס, פון דעם זומפּ..!?

**שרה'טשע:**

איך וועל דיר העלפען.

**שלמה:**

מיט בלאָנדזשענדיגע אויגען. ווי אַזוי?

**שרה'טשע:**

מיט אמאָל. וועסט מיט מיר חתונה האָבען —

**שלמה:**

יאָ.

**שרה'טשע:**

זאָגסט עס מיר צו?

**שלמה:**

פייערליך. אַזוי ווי מיר האָבען יעצט נאכט איבער דער וועלט. צוגעבענדיג. מיין מאַמע זאָל אַזוי רוהיג ליגען אין קבר — ווי כ'זאָג עס דיר צו.

### שרה׳טשע:

שעפטשעט. דו האָסט מיר געגעבען אַ וואָרט.

### שלמה:

פעסט. יאָ.

**ביידע:** צוקושען זיך.

### פויזע.

### שלמה:

אויפגעלעבט. כ׳וועל מיט דיר אַוועק, אין דער ווייטער וועלט אַריין. טרויעריג. דאָ אין דעם פאַרשאָלטענעם לאַנד וועל איך קיינמאָל נישט קענען ווערען אַנ׳אַנדערער: מיינע חברים רעדען מיך שטענדיג צו צו דער שמד און איך אַליין בין פול מיט זינד... רופט אויס. כ׳וויל אָבווישען מיינע אַלטע חטאים. כ׳וויל ווערען אַ פרייער מענטש — פריי וויל איך זיין... אָהן זינד...

### שרה׳טשע:

צופרידען. כ׳האָב שטענדיג געזאָגט, אַז פון דיר וועט נאָך אַרויסקומען אַ לייט —

### שלמה:

אין עקסטאַז. וועסט זעהען. איך וועל זיין אַ מענטש מיט אַלע צוגלייך: כ׳וועל קענען יעדען מענטש קוקען פריי אין ד׳אויגען אַריין, נישט ווי דאָ... צוגעבענדיג. דאָרט וועל איך ווערען אַ פּראָסטער אַרבעטער: שטיינער האַקען אין די גאַסען, ציגעל טראָגען אויף די מויערען, ליים קנעטען — די שווערסטע מלאכה טוען, אַבי צו קענען פאַרדינען; כ׳וועל אַרבעטען מיט טראָפּענס-שווייס, פון אינדערפרי ביז שפּעט אין

**דער נאַכט — אבי צו לעבען ערליך... פון דעם כשר'ען שווער־פאַרהאָרעוועטען גראָשען... ווי אַלע ערליכע מענטשען...**

## שרה'טשע:

מיט קנאה. **ביזט** גערעכט. שוין **צייט צו ווערען לייטישע מענטשען אויף גאָט'ס ערד —**

## שלמה:

פארקוקט אויף איר, ענדיגט. **כ'וועל קענען מיין וויב שפייזען... האָבען אַ שטילע היים, ליבע קינדער... מיר אַלע וועלען לעבען צופרידען...**

**ביידע**: לאכען צופרידען.

## שרה'טשע:

נאָך א ווײַלע. **שלמה, וועסט דיר קויפען אַן'אַנצוג און דאָס איבעריגע אַוועקלייגען. זעה, הער דיך אויף צו טרעפען מיט דיינע חברים— ווער אַ מענטש.** ציילט אים געלט, שלמה פאַר־שטעקט עס אין בוזים־טאַש.

## שלמה:

נערווירט. **גוט. כ'וועל** מיט דיר **באַלד שטעלען א חופה.**

## שרה'טשע:

**כ'פאַרלאָז מיך אינגאַנצען אויף דיר.**

## שלמה:

**כ'זאָל נאָר האָבען מזל צו דיר.** דריקט זי פעסט צו זיך, אנאַרקא קומט ארויס, זי האָט דערהערט די לעצטע ווערטער, בלייבט שטייען פאַרשטיינערט.

# זיבענטע סצענע.

### די פריהעריגע — אַנאָרקאַ.

## אַנאָרקאַ:

פון דערווייטען. **שלמה.**

**שלמה:**

דרייט־זיך אים. **וואָס ווילסטו?**

**אנאָרקאַ:**

גייט צו אים. **האָסט שוין אָבגעאַרבעט א פריש כח־געשעפט.**

**שלמה:**

שווייגט.

**אנאָרקאַ:**

צולאכט זיך. כאַ—כאַ—כאַ! **האָסט איר שוין גאָר דעם קאָפּ פאַרדרייט— און צוגענומען אַביסעל געלט...** קלאפט שרה'טשען אויף די פלייצעס. **נאַרישע נקבות, אַזוי ווי זיי זעהען אַ יונג מיט אַ פּאָר הויזען, קריגען** זיי **די נכפּה פאַר אים.** באַליג. **קענסט אים נישט? גלייבסט אים אויפ'ן וואָרט..?** צונעבענדיג. **גלייב אים, גלייב אים — שפּעטער וועסטו דיר רייסען די האָר פונ'ם קאָפּ. וועסט וויינען אויף דיינע אַלטע פאָר יאָר.**

**שרה'טשע:**

**זאָל דיר דיין מח נישט דאַרען פאַר מיינעטוועגען.**

**אנאָרקאַ:**

**כאַ—כאַ—כאַ! ווילסט אפשר מיט אים באַלד שטעלען אַ חופּה...** צו אים. **וויפיל נקבות האָסטו שוין אויסגענאַרט דעם לעצטען גראָשען, אויף די קאָנטאָ?** צו שרה'טשע'ן **וועסט פריהער חתונה האָבען מיט'ן מלאך המות — איידער מיט אים. טאָמער האָט ער דיר צוגענומען דאָס לעצטע ביסעל רייניש, ווערט ער אַ האָז. ער קען דיך נישט מעהר — זוך אים ווי דער ווינט בלאָזט.**

**שרה'טשע:**

אויפגע־רעגט. **וואָס שטעלסטו אריין דיין שנאָבעל? כ'האָב דיך געשיקט רופען?**

אַנאָרקאַ:

מיט א ווינק. ר'איז נישט דיינער. לייגט ארויף אויף שלמה'ן די האנט. כ'האָב נאָך עפּעס איבער אים צו זאָגען.

שרה'טשע:

שעלמיש. אַזוי גאָר?

אַנאָרקאַ:

טייוולאָניש. ווילסט קומען צום גרייטען. צוגעבענדיג. ר'איז מיר נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען — כ'זאָל דיר אים אָבטרעטען...

שרה'טשע:

ביפּטיג. ער וויל פון דיר מעהר נישט וויסען. אַזא שלאַנג וויל קיינער נישט קענען.

אַנאָרקאַ:

ווּעלען מיר הערען פון אים. צו אים. ווּעמען ווילסטו בעסער פון אונזביידע? מיך—צו די גרינגע שטריגע? ווּעמען האָסטו ליב?

שלמה:

קאלט. אַזעלכע נקבות ליבט מען נישט.

אַנאָרקאַ:

נאָר —

שלמה:

שלאָגט אייך ביידע דעם קאָפּ אין וואַנט — לאָזט מיך צורוה.

אַנאָרקאַ:

שארף. מיט ווּעמען ווּעסטו חתונה האָבען?

שרה'טשע:

שפּרינגט אונטער. מיט מיר.

**שלמה:**

שװײגט.

**פ ו י ז ע.**

**אנאָרקאַ:**

װי א גיפטיגער שלאַנג. שלמה, מײן נישט, **אז** כ'װעל שװײגען. **באַ** מיר ליגסטו אין די לאַפּעס... אַז כ'װעל װעלען, גײסטו פאַרשיט. דו װעסט צוריקגײען אַהין — פון װאַנען דו ביזט יעצט געקומען.

**שלמה:**

רואיג. אפשר װעסטו מיך סליחה'נען?

**אנאָרקאַ:**

װעסט האָבען אַ סימן. נאָך א װײלע. װער האָט דיך אויסגע־האַלטען די גאַנצע צײט — אַז נישט איך? אַז מ'האָט דיך געזוכט, האָב איך דיך אויסבאַהאַלטען. אַז מ'האָט דיך אײנגע'שב'עט — בין איך פאַר דיר געקראָכען אין דר'ערד אַרײן, אָנגעשלאָגען שװעלען, ביז כ'האָב גוט געמאַכט: ביזט אַרויס אויף דער פרײ... צובעבענדיג. מעגסט מיך יעצט טרעטען מיט די פוס? כ'האָב עס פאַרדינט? הא?

**שלמה:**

ס'איז טאַקע אמת װאָס ד'זאָגסט. **אָבער...**

**אנאָרקאַ:**

מיט א װײ־געשרײ. צוליב װאָס האָב איך דאָס אַלץ געטוען? װײנענדיג. האָסט דאָך מיר געשװאָירען — מיך נעמען, חתונה האָבען מיט מיר... אמת, צי נישט..?

**שלמה:**

קאַלט. אַמאָל האָב איך געמײנט אַזוי. **אָבער**, הײנט —

**אנאַרקאַ:**

מיט א פארכאפטען אָטעם. איז וואָס?

**שלמה:**

וויל איך דיך מעהר נישט קענען. וואילעריש. קענסט מיר עפּעס טוען?

**אנאַרקאַ:**

שרייט. וועסט מיט דיין קאָפּ באַצאָלען —

**שלמה:**

לאכענדיג. באַווייז עס.

פוּיזע.

**אנאַרקאַ:**

כאפּט אים ארום. שלמה, דו ביזט מיינער. אָהן דיר קען איך נישט לעבען —

**שלמה:**

שטופּט זי אַב פון זיך. אַוועק פון מיר. לאָ׳מיך צורוה.

**אנאַרקאַ:**

ליגענדיג צו זיינע פוס, מיט געוויין. מיט־וואָס האָב איך גע־זינדיגט אקעגען דיר? כ׳בין דאָך שטענדיג גוט געווען צו דיר, כ׳האָב דיך געהיטען ווי ס׳שוואַרצע אַפּעל פונ׳ם אויג...

**שלמה:**

געריזט. ווייז נישט. ס׳וועט נאָך גוט זיין. וועסט דיר אויסזוכען אַ צווייטען.

**אנאַרקאַ:**

לאָזט זיך נישט בארוהיגען. נאָר דיך — צו אַנ׳אַנדערען האָב איך קיין צוטרוי נישט; דיר גלייב איך. דיך...

שלמה:

שלאָגט איר איבער. דו מוזט מיך פאַרגעסען, אויף אייביג.

אַנאָרקאַ:

שפּרינגט אויף ווי א צוריייצטע חיה. כ'וועל דיר שוין וויזען ווער כ'בין... כ'וועל מיך אין דיר נוקם זיין. אנטלויפט שנעל.

שלמה:

נאָך א ווײַלע. זי קען נאָך אָבטוען אַ מיאוסע זאַך. צו זיך. צי וואָס האָט עס מיר געטויגט?

שרה'טשע:

כיטרע. ס'טוט איר ווי שרייט זי, אָבער ס'וועט באַ איר לאַנג נישט אָנהאַלטען. זי וועט באַלד אין אַלץ פאַרגעסען —

שלמה:

קוקט אויף איר א ווײַלע פארטראַכטערהייט, מורמעלט. הלואי.

פּ ו י ז ע.

די הויקערטע לויפט ארויס פון מויער, פאַלט צו צו זיי.

# אכטע סצענע.

## די פריהעריגע — הויקערטע.

הויקערטע:

מיט א פארכאפּטען אָטעם. אַנטלויפט. שנעל.

שלמה:

קאַלט. וואָס איז געשעהען?

הויקערטע:

ווי א סוד. דער בלינדער האָט געמאַכט די קונץ. נאָך א ווײַלע. זי האָט אַהיימגעברענגט פון שטאָט א רייכען גאַסט צו זיך, דער ממזר האָט עס דער'שנאַפּט און ר'איז אַרונטער אונטער'ן

טיש. יענער האָט אויפגעהאָנגען ס׳רעקעל אויפ׳ן שטול און ס׳איז פינצטער געוואָרען. שפעטער ווען יענער וויל שוין אַרויסגייען, ער נעמט אַרויס די טאָוועל און ס׳ווערט אים טונקעל פאַר ד׳אויגען.— צולאַכט זיך, קעציש. דער בלינדער האָט אים צוגעגראַפּט ס׳גאַנצע פעקעל, ער האָט איבערגעלאָזט אַ ביסעל קליינגעלט... כאַ—כאַ—כא! יענער וויינט, בעט זיך רחמים... ער שרייט, ס׳טראַשעט מיט פאָליציי... כאַ—כאַ—כאַ! גנב׳יש. כ׳האָב אָבער מורא, אַז דאָסמאָל וועלען זיי פאַרשיט גייען, מיט זייער משא ומתן.

## שלמה:

קאַלט. פאַרוואָס?

## הויקערטע:

ס׳איז אַ לאָך. ווי פריהער. דאַריבער לעבט מען אַזוי ברייט, מ׳קליידט זיך אַזוי עלעגאַנט, פון פרעמדער פּראָצע.

## שלמה:

אַזאַ יאַט דאַרף מען אָבהיימען.

## שרה׳טשע:

נקבות ליידען דערפון.— אָנשטענדיגע מענטשען אַנטלויפען פון אונז: זיי האָבען מורא צובלייבען מיט אונז אַליין, אין אַ באַזונדער חדר.

## הויקערטע:

שרייט. שאַ. ער גייט דאָ אַהער. אַנטלויפט שנעל.

## שרה׳טשע:

פאַרשווינט אין אַ זייטען-בעסעל.

## שלמה:

באַהאַלט זיך אין אַ זייט.

# ניינטע סצענע.

## שלמה — דער גאַסט.

### דער גאַסט:

לויפט ארויס שנעל פון טויער, קוקט פון אלע זייטען, צי מ'זעהט אים נישט, וויל שטיל אדורכשלייכען זיך ווייטער ווי א שאָטען, טרעפט אָבער נישט באַמערקטערהייט אָן אויף שלמה'ן, וועלכער שטייט און קוקט אויף אים מיט שטאַרע בליקען — שפרינגט אָב א דערשראָקענער פון אים,ביידע קוקען זיך א ווײַלע איבער, קורצע פויזע.

### שלמה:

גראָב. וואָס טוט איר דאָ?

### גאַסט:

האָ..?

### שלמה:

בייגט זיך צו אים איבער. מ'האָט אייך באַ'גנב'ט —

### גאַסט:

ווער האָט געזאָגט?

### שלמה:

מ'האָט דאָ אַזוי דערציילט.

### גאַסט:

ווי א סוד. שאַט, זאָל קיינער נישט וויסען דערפון. שטעקט אים א קופּע מטבעות אין דער האנט, שלמה פאַרשטעקט זיי געשיקט אין בוזים-טאַש.

### שלמה:

ביטרע. כ'בלייב שטום ווי א פיש.

### גאַסט:

אנטלויפט.

## צענטע סצענע.

### שלמה, אָלעק, נקבות — דער בלאַטער.

**אָלעק:**

קומט אָן מיט ברייטליבע טריט, די הענט פארוקט אין די הויזען־טאַשען, פייפט אויס אַ לידעל.

**שלמה:**

גייט אים אַקעגען, רעדט נישט אַ וואָרט צו אים, נאָר קוקט אים שטייף אָן.

**אָלעק:**

האַלט נישט אויס זיין בליק, פאַרווינדערט. וואָס איז, מ׳קען דאָך רוהיג נישט אַדורכגייען, פאַרטשעפּעסט יעדען איינציגען. צי געהער דיר, די גאַס?

**שלמה:**

שאַרף. דאָ בין איך בעל הבית.

**אָלעק:**

שפּאָטיש. אַזוי?

**שלמה:**

פלוצלינג. כ׳שטער דיר —

**אָלעק:**

יאָ.

**שלמה:**

דונערדיג. און דו שטערסט מיר.

**אָלעק:**

נייגעריג. מיט וואָס?

**שלמה:**

דערנעהנטערט זיך צו אים. דו קריכסט דאָרט וואו מ׳דאַרף

נישט. נאך א ווײַלע. קוק נאָר אָן, די נײַע וואָילע־יונגען — מיט א בלאָז פליהסטו אַוועק פון דאַנען. זײַט ווען ביסטו דאָ אויס־געוואַקסען—דו ממזר בן נדה. ביסט געוואָרען אַזאַ חבר לאפ מיט אַנאַרקאָ׳ן, ליגסט כסדר אין איר שטוב, פאַרברענגסט גאַנצע נעכט מיט איר און פראַוועסט בעלער מיט הוליאַנקעס—וואָס איז די שמחה אויף דיר? פון וואַנען קומסטו צו איר?

## אָלעק:

כ׳בין דער אייגענער וואָילער וואָס דו.

## שלמה:

אַזוי גאָר. פאַקט אים אָן פאַר׳ן קאָלנער, שרייט. ווי לאַנג איך בין דאָ, איז זי מײַן: אויב אַ יונג וועט אונטערשפּרינגען צו איר, וועל׳ך אים צוקרישלען די ביינער... האָסט געהערט, צי נישט..? טרייסעלט מיט אים, הין און צוריק.

## אָלעק:

רייסט זיך בעשיקט ארויס פון זיינע הענט, שרייט. ווער ביסט דו? מ׳לאַכט פון דיר.

## שלמה:

גגידע, דו וועסט באַלד שפּייען מיט בלוט.

## אָלעק:

הויך. זי איז אַ נקבה — און אַ גאַש בראַט קען טוען מיט איר וואָס ער וויל: דערצו איז זי באַשאַפען געוואָרען; קיינער דאַרף נישט זיין איר הערשער. צוגעבענדיג. ווילסט האָבען אַ ווייב, מוזטו דיך אויסשליסען פון אינזער חברותא. דאָ גע־הערט זי צו אַלע, ווער ס׳וויל קען פאַרברענגען מיט איר.

## שלמה:

ס׳וועט קיינער נישט טאָרען צורירען זיך צו איר — כל

זמן איך בין דאָ. אַז נישט וועל׳ך אים מאַכען מיט אַ קאָפּ קלענער.

אָלעק:

טאַקע?

שלמה:

אַזוי וועט זיין.

אָלעק:

וועלען מיר זעהען.

שלמה:

אויב דו ביסט אַ שטאַרקער, וועלען מיר זעהען ווער פון אונז ביידע וועט פאַלען. שפּרינגט צו צו אים אַ צורייצטער, יענער שטופּט אים אָב פון זיך מיט שטאַרקע קלעפּ, ס׳ווערט אַ געשלעג.

שלמה:

האָט אים פעסט אַנגעקריגען, שרייט טריומפירענדיג. וואָילער־יונג. רעד אַ וואָרט. וואָס שווייגסטו?

אָלעק:

שרייט. לאָז אָב.

שלמה:

העכער. און אַז נישט...

אויף זייערע ביידע לעצטע קולות, קומען אַנצולויפען נקבות פון אַלע זייטען, צווישען זיי שרה׳טשע, אַנאַרקא און דער בלאַטער.

דער בלאַטער:

שפּרינגט אונטער שנעל, צו־וואַרפט זיי אין פאַרשידענע זייטען, צולאַכט זיך הויך אויפ׳ן קול. יונגען, הרג׳ענען זיך צוליב אַ קליידעל. וואָס איז? ס׳פּעהלט אויס דאָס מיסט? ס׳וואַלגערט זיך דאָ אַרום, אין די גאַסען... העכער. מיט אַ ווינק, אַ גוטען שמייכעל

און איבערהויפט פאַר קעש — קויפט איר די שענסטע פרויען פון דער וועלט—זיי פליהען ווי די טייבעלעך צו אייך אין די נעסטען אריין... ס'לוינט נישט פאַר זיי,. איינצושטעלען דאָס לעבען!—

פ ו י ר ה א ג ג.

**א גרויס געצוים הדר. כמעט איבגאנצען ליידיג.**

אין דער אוואנס-צענע — איבער די גאנצע לענג — איז פארצויגען א פוירהאנג פון טונקעלען קאליר, וואס צופאלט אויף עטליכע טיילען. דא און דארט איז אוועקגערוקט א שטיקעל פוירהאנג און ס'זעהט זיך ארויס: אנ'אייזען בעטעל מיט א ביסעל בעטגעוואנט דארויף. רעכטס — א פענצטער אויף דער גאס; דערנעבען א טיש מיט שטולען און א קאנאפע — הארט בא דער וואנט. אין דערמיט שטוב—אין דער ברייט — א טיש מיט שטולען. לינקס—דורך געדרייטע טרעפען, וואס לאזען זיך אראב אין דער שטוב — פירט צו דער אויסגאנג-טיר. די ווענט זענען באהאנגען מיט פיקאנטע בילדער און פארטרעטען פון די נקבות פונ'ם הייזעל און חברה פון דער אונטערוועלט.

ווען דער פוירהאנג ווערט אויפגעצויגען—הערט מען פארשידענע קולות און א הילכיג געלעכטער, וואס שאלט אב פון א פריילעכער הברותא. גלייך — בא'ם טיש—זיצט חברה וואס האלט אינמיטען טרינקען, דער טיש איז פול מיט פלעשער און פארשידענע צובייסענס. אויבענאן זיצט דער 1-טער גאסט מיט א פלאש אין דער האנט, אויף זיין קני א נקבה וואס שמייכעלט צו אים קעציש און וויקעלט זיך ווי א שלאנג ארום זיין קערפער. ווייטער אביסעל זיצט דער 2-טער גאסט, אבגעטיילט פון אלע, פארמרה'שחורה'ט, ווי פארטיפט אין זיך. דא און דארט זיצען און שטייען נקבות מיט יונגען, אונטערהאלטען איינער דעם צווייטען, אויף א ביליגען ציניש'ען אופן. אין צווייטען ווינקעל בא'ם פענצטער — זיצען בא'ם טיש עטליכע פארשוין פארטיפט אין שפילען. די שפילער זענען זייער אויפגערעגט און דאס שפילען גייט מיט א שנעלען טעמפא. אויבענאן זיצט שלמה, אקעגענאיבער אים זיין פארטנער. ארום טיש שטייען א סך נייגעריגע און פאראינטערעסירטע פארשוינען. צווישען זיי שרה'טשע, זי איז שטארק צוטראגען און פרוווט טיילמאל שטערען דאס שפילען. ס'טרעפט ס'ווערט איבערגעריסען איבער איר אויף א ווייל, אבער שפילער בלייבען קאלט און רוהיג — באלד ווערט געשפילט ווייטער מיט נאכמעהר פארביסענקייט. די שטימונג ארום איז א געשפאנטע, אלע פנימער זענען צוהיצט, אויגען בליצען מיט פייער און אזוי ווי אין דער לופט וואלט געשוועבט פולווער. אלע שווייגען. קורצע פויזע.

# ערשטע סצענע.

## שלמה, בלאַטע, שרה'טשע, דער פאַרטנער, 1 און 2־טער גאַסט, נקבות און יונגען.

### שלמה:

שפרינגט אויף פון אָרט, כאַפּט אָן פאַר'ן קאָלנער איינעם פון די אַרומ־שטייענדיגע באַ'ם טישעל, שרייט אין רציחה. דו שטייסט אויף צוגג? באַפוילעריש. אַוועק פון טיש! אַז נישט... הייבט אויף די האַנט, וויל אים געבען אַ קלאַפּ.

### איינער:

האַלט אים אָב. אַנ'אַלטער סכאָקער. האָט ער געוואָלט הערשען אַ לייכט־פאַרדינסט, איז נישט געגאַנגען, גיט מען אים דעם לויף־פּאַס און — געסקים. לאַכט ציניש.

### אַ צווייטער:

קריכט אַרויס אין דער ערשטער ריי, שצירעט מיט די ציין, קוקט אויף אים מיט וועלפישע אויגען. וואָס איז? דו ווילסט אַלע נעמען אויפ'ן זיכער. זוך דיר אויס דעם בלינדען יאָש — ער איז דיין מענטש... ביטער. האָסט דאָך פאַרלייגט אַ בייזעל, נקבות אַרבעטען שוין פאַר דיר. גיפטיג. ווילסט האָבען נאָך אַ מלינה, וואו בלאַטע זאָלען פאַרסכאָקען אַלץ ביז אַראָב צוליב דיר: דערנאָך גייען זיי אַרום אויפ'ן פּענט, באַגייען גגבות און ברענגען עס דיר דאָ אַהער... וואָס איז, דאָ? קוקט צאָרניג, שאָקעלט טרויריג צו מיט'ן קאָפּ.

### שלמה:

ענטפערט אים נישט, פּאַקט יענעם פעסט אָן באַ'ם קאַרק, טרייסעלט מיט אים

אין דער לופטען. דו ווילסט דיך שפילען — נעם דיר אַרויס די מענטשעלעך פון דיינע אויגען. אָבער, נישט פאַר פרעמדע פּראָצע. די הינטישע לעבער! גיט אים א שטויס אויף דר'ערד און א קאַפּיע צו מיט'ן פיס, וויל צוריקגייען צום טישעל, שרה'טשע פארהאלט אים, ער קוקט אויף איר פארווינדערט, קורצע פויזע.

שרה'טשע:

אויפגערעגט. דו מעגסט שוין אויפהערען צו סכאָקען — האָסט היינט געגוג אדורכגעלאָזט...

שלמה:

דו דאַרפסט מיך נישט צו היטען. קענסט אַרויסגייען אויפ'ן פאַרדינסט.

שרה'טשע:

אָבער, געלט מוז איך געבען —

שלמה:

צו וואָס האָב איך דיך? אַז נישט, צוליב דעם.

שרה'טשע:

בלייבט שטייען ווי פארשטיינערט, קען זיך נישט באהערשען, פארשטעלט ד'אויגען און צושלוכט זיך הויך אויפ'ן קול.

שלמה:

גייט שטיל אונטער צו איר, מיט א געמאכטען אָנשטעל, גלעט זי לייכט איבער'ן קאָפּ, קאַלט. נאַרעלע, וואָס איז? ס'האָט עמיצער דיר אַנ'עולה געטוען —

שרה'טשע:

ערענסט. כ'זעה דאָך ווי דו ביסט צו מיר.

שלמה:

וואָס ווילסטו, כ'זאָל מיך שפּילען מיט דיר?

### שרה׳טשע:

מיט אמאָל. די קוקסט דיך אַפּילו נישט אום אויף מיר. דו לאָזט מיך שטענדיג לויפֿן, כ׳בין ווי אַ שפּין דיר אין ד׳אויגען. צוגעבענדיג. איך ווער אויסגעריסען — און דו... ענדיגט נישט.

### שלמה:

שארף. מאַך נישט קיין טענות. גיי אַרויס אין דער גאַס אַריין. —

### שרה׳טשע:

גייט שנעל אָב.

### שלמה:

צום פּארטנער, נאָך א ווײַלע. וואָס קלערסטו? דו מאַכסט מיר אַריין. האָסט פריהער אויסגעשטעלט. לאכענדיג. ביסט שוין צו־שרויפט? קען איך מיך אָברייסען פון משא ומתן.

### דער פּאַרטנער:

קאַלט. ווי דו פּאַרשטייסט. מישט איבער די שטיינער אויפ׳ן טיש, זיי הייבען אָן שפּילען, חברה רינגלען זיי אַרום, ס׳ווערט שטיל.

### איינער:

אויסרופענדיג. ווער האַלט?

### אַ צווייטער:

איך.

### אַ דריטער:

אָן א זייט. און איך — מיט דיר.

### אַ פערטער:

נאָך א ווײַלע. כ׳וויל אַ שאַנס.

### אַ פינעפטער:

כ׳צאָל צווייפאַך.

**אַ זעקסטער:**

אין אַ ווינקעל. צוהיצט. און איך דרייפאַן — אַז יענער פאַלט.

ווייזט אויף איינעם פון די שפּילער.

**אַ זיבעטער:**

גייט עס.

**שלמה:**

אויינקוקענדיג אין זיינע שטיינער. האָסט מיר שוין געמאַכט ס׳פּעקעל. דיין געשיקט הענטעל, זאָל דיר נאָר אָבגענומען ווערען.

שטעלט ארויס אַ שטיין. אַ בעלע.

**דער פּאַרטנער:**

שנעל. דערדע מיט׳ן טאָפּער —

**שלמה:**

נאָך אַ ווייל. זיך און ווערזע. שפּילען.

פּויזע.

**1־טער גאַסט:**

קוקט אָן אַלע אַ ווײַלע מיט תאוה־אויגען, הייבט אָן רעדען ווי אונטער אַ היפּנאָז. די פרוי איז די שיינקייט פון אונזער לעבען. פאַר־ווינדערט. ווי וואָלט אויסגעזעהען ס׳לעבען אָן איר: גרוי און איינטעניג... זי טובלט אונז אָב אין איר גרויסער ליבע: באַ־רירט פון אַ צאַרטער נשמה, גייען מיר ארויס געלייטערטע — מיר דערקענען נייע געפיהלען... שפּעטער קוקען מיר אויף אַלץ מיט אָפענע אויגען. אויסרופענדיג. זאָל לעבען די פרוי, וואָס האָט דעם כשוף וועקען אין אונז, דעם חשק צום לעבען... זאָל לעבען! טוליעט פעסט צו זיך זיין פּאַרטנערקע, צוקושט זיך מיט איר.

**אַלע:**

אין התלהבות. בראַוואָ! גוט געזאָגט! אַפּלאָדיסימענטען.

**2=טער גאַסט:**

ווערט נישט=געדולדיג, באַקוקט דעם עולם מיזיש, רעדט גאַליג. **דאָס איז לײדענשאַפט.** נאָך אַ ווײלע. **דער מענטש** דרײט זיך אַרום ווי אַ שאָטען אויף דר'ערד... ס'לעבען איז כסדר דער בלוטיגער=געראַנגעל מיט זיך אַלײן און אָהן אַ ציל... דער גורל איז אַ פּאַטום: ער ווײסט נישט, וואָס דער מאָרגען ברענגט — אַלץ איז פאַרהוילען, פיל מיט סודות... מיט בלאַנדזשענדיגע אויגען. כ'וויל אָבער דערגײן דאָס אײביגע רע=טעניש, דעם טיפען סוד פון מענטשליכען דאָ=זײן. געבראָכען. צו קלײן בין איך. צו אָרעם איז מײן געדאַנק. צו נישטיג מײן קוק — כ'בין אַ מילב. דונערדיג. מיר אַלע זענען אָהן אַנ'-אײגענעם ווילען און כאַראַקטער... בלײכע נשמות... שאָטענס...

**אַלע:**

שטיל. **אמת.**

**2=טער גאַסט:**

אין עקסטאַז. כ'זוך די פאַרגעסענקײט. — כ'וויל מיך באַפרײען פון דעם ברוטאַלען לעבען: פון די מענטשען=חיות מיט זײערע לײדענשאַפטען און אינסטינקטען; אין זײערע גראָשענדיגע אינ=טערעסען. העכער. כ'דערהײב מיך דאַמאָלס איבער אַלע... כ'שוועב אין די הימלען... דאָס איז די גרויסע פאַרגעסענקײט — — — און דאָ געפין איך זי. הײבט אויף דאָס פלעשעל, טרינקט דערפון, פאַר=בלינעט זיך.

**פּ ו י ז ע.**

**אַנאָרקאַ:**

קומט אַרײן.

# צווײטע סצענע.

**די פריהערדיגע — אַנאָרקאַ.**

## אַנאָרקאַ:

פאַלט אַריין מיט אימפעט, בלייבט שטייען פאַרווינדערט, פאַרלייגט ביידע הענט אויף די טאַליע, רופט אויס. וואָס טוט זיך דאָ, חושך? ס'קען דאָך שוין אַ גאַסט נישט אַריינקומען, דאָ אַהער. ס'מאַכט מיר אַ תל פון דער פּרנסה... שלמה.

## שלמה:

פון אָרט. וואָס איז?

## אַנאָרקאַ:

ווי פריהער. קום אַהער.

## שלמה:

קאַלט. וואָס ווילסטו?

## אַנאָרקאַ:

לויפט שנעל אונטער, רוימט אים עפעס איין אויפ'ן אויער, ביידע רעדען אַ ווײַלע אין דער שטיל.

## שלמה:

ווערט ערענסט, וואַקסט אויס מיט אַמאָל, נעמט אָן אַ פּאָזע. ביסט גע-רעכט. שטייט אויף פון אָרט, באַפוילעריש. מיר הערען אויף. צו אַלע. עמיצער, וויל דאָ אַריינגייען.

## אַלע:

שטייען שטיל אויף, מאַכען זיך גרייט אוועקצוגייען, דער עולם הייבט אָן ביסלעכווייז אַרויסצוגייען, ביז זיי פאַרשווינדען, דער זאַל בלייבט ליידיג. אַנאָרקאַ לויפט אַרויס אויף דער גאַס, נאָך אַ ווײַלע קעהרט זי באַלד אום צוריק.

## אַנאָרקאַ:

גייט אַראָב פון די טרעפּען, רעדענדיג. קומט, אָט דאָ וואָהן איך.

## דער אינוואַליד:

קומט אַריין.

# דריטע סצענע.

## אַנאָרקאַ — דער אינוואַליד.

### דער אינוואַליד:

איז אָנגעטועז מיט געשמאַק, אין אַנ'עלעגאַנטען שוואַרצען פּאַלטען און פּיינעם הוט, אַ זילבערנעם שטעקען אין האַנט — קומט אַריין געלאַסען, קוקט מיט חשד־בליקען, ווי ער וואָלט אַלץ בּ״פ ֹרשט און אַדורכגענומען מיט זיינע אויגען. ער פאַרהאַלט זיך אויסערליך רוהיג, איז קאַלט און צוריקגעהאַלטען.

### אַנאָרקאַ:

האָט עס באַמערקט, מאַכט צוערשט צורעכט די פריזור, דערנאָך גייט זי נעהנטער צו אים און שמייכעלט פאַרלעגען. איר זענט דאָ גאַנץ זיכער, ווי בּאַ זיך אינדערהיים. שלעפּט אים צו זיך. זעצט אייך אַנידער, וועלען מיר אַביסעל גוט פאַרברענגען צווישען זיך.

### דער אינוואַליד:

זעצט זיך, אַנאָרקאַ נעבען אים, זי נעמט אים גלעטען און ציהען צו זיך. ער האַלט זי אָב מיט אַ האַנט־צייכען.

### אַנאָרקאַ:

נאָך אַ ווײַלע. איר זענט זייער שיין. אייערע אויגען זענען סאַמעט ווייך — כ'האָב ליב אַזעלכע מענער. דאָס איז מיין געשמאַק.

### דער אינוואַליד:

אָבער...

### אַנאָרקאַ:

קומט אַריין אין דער ראָל. מאַכט נישט אַזאַ זויערע מינע. ס'פּאַסט אייך נישט צו אייער פּנים — איר קריגט אַ קינדעריש אויסזעהן.

### דער אינוואַליד:

שלאָגט איר איבער. צו וואָס דאַרף איך דאָס וויסען.

## אַנאַרקאַ:

פלוצלונג. איר זענט רייך? ווייל, איר זעהט אויס אויף אַ מענטש פון דער בעסערער געזעלשאַפט. — ווינדערט אייך נישט, צו מיר קומען כסדר אַזעלכע הער'ן; מענער וואָס האָבען שיינע פרויען אינדערהיים, און ווען יענע ווערען זיי דערעסען, קומען זיי דאָ אַהער צו אונז. אויפגעלעבט. פ'האָב לעצטענס געהאַט אַ פּאַקט.

## דער אינוואַליד:

שטרענג. כ'האָב אייך געוואָלט עפּעס פרעגען. שטייט אויף.

## אַנאַרקאַ:

ווערט אַנגעבלאָזען, שטייט אויף פון אָרט. כ'הער.

## דער אינוואַליד:

ציהט די ווערטער. קענט איר מיר נישט זאָגען, ווי שרה'טשע איז. כ'ווייס, זי איז דאָ בּאַ אייך. כ'וואָלט זי געוואָלט זעהען...

## אַנאַרקאַ:

מאכט זיך נישט הערען, טייוולאָניש. איך געפעל אייך נישט? וויקעלט זיך ארום אים ווי א שלאנג. וואָס זאָגט איר, כ'בין שיין — קוקט אויף מיר. איר פיהלט דעם אַראָמאַט פון מיין קערפּער: כ'וועל אייך פאַרשפּור'ען, צופרידענשטעלען...

## דער אינוואַליד:

בייז. כ'דאַרף איר עפּעס איבערגעבען, כ'בין אירער אַ קרוב.

## אַנאַרקאַ:

אַזוי. קעציש. אויב איר וועט מיר באַצאָלען, וועל איך לויפען זי אויפזוכען פאַר אייערטוועגען.

## דער אינוואַליד:

גוט. גיט איר געלט, זי פאַרשטעקט עס כיטרע אין בוזים.

### אַנאָרקאַ:

באַלד קומט זי. לויפט ארויס שנעל. קומט צוריק מיט שרה'טשע'ן, בלייבט שטייען נאָך א ווײלע, אָב.

# פערטע סצענע.

## שרה'טשע — דער אינוואַליד.

### שרה'טשע:

מאכט זיך א ווײלע צורעכט די טואַלעטע, פרעגט קאַלט צו וואָס ביסטו דאָ אַהערגעקומען?

### דער אינוואַליד:

גפרירט דיך זעהען.

### שרה'טשע:

בייז כדי מיך צו זעהען אין מיין געפאַלענקייט.

### דער אינוואַליד:

אי פריהער. ניין, כ'האָב געפיהלט פאַר אַ נויטוועגדיגקייט דיך היינט צוזעהען, און מיט דיר צורעדען.

### שרה'טשע:

גיפטיג דו האָסט דיך פאַרבענקט נאָך מיר —

### דער אינוואַליד:

אפשר.

### שרה'טשע:

שעלמיש. דו האָסט מיך נאָך ליב.

### דער אינוואַליד:

שווייגט.

פ ו י ז ע .

### דער אינוואַליד:

נאָך א ווײלע שרה'טשע,

### שרה׳טשע:

שנעל אויסדריייענדיג צו אים דעם קאָפּ. וואָס איז?

### דער אינוואַליד:

ראַנגעלט זיך אַ ווײַלע מיט־זיך, מ׳דערקענט אַז אין אים קומט פֿויר אַ שווערער האַרץ־קאַמף; הייבט אָן דערציילן מיט אַ ציטעריגע שטים. אָבער וואָס אַמאָל ווערט ער שטאַרקער, צולעצט איינגאַנצען אויפגערעגט. ווען כ׳בין אַוועק פון דיר, האָב איך מיך געפיהלט איינזאַם. כ׳בין אַרומגעגאַנגען שטאַרק צוטראָגען — כ׳האָב מיך געשפירט הילפלויז; מיין קאָפּ איז מיר געוואָרען אָנגעגאָסען מיט בליי, די געדאַנקען זענען געלאָפען באַ מיר, און כ׳האָב געשפירט, אַז כ׳וועל משוגע ווערען... צוגעבענדיג. כ׳האָב געדאַרפט אַ פּריינט פאַר וועמען צו קענען פאַרטרויען זיך, אַראָבצורעדען מיין שווער האַרץ — אפשר וואָלט מיר נאָכדעם בעסער געוואָרען. אַ חבר, וואָס זאָל מיר אויסשטרעקען זיין ברידערליכע האַנט, אָבער — ענדיגט נישט.

### שרה׳טשע:

ווערט נישט־בערויליג. צו וואָס דערציילסטו מיר עס.

### דער אינוואַליד:

כ׳האָב שווער געזינדיגט אַקעגען דיר —

### שרה׳טשע:

שווייגט.

### דער אינוואַליד:

מיין געוויסען האָט מיך געפּייניגט...

### שרה׳טשע:

שווייגט.

### דער אינוואַליד:

ברעכט־אויס אין אַ היסטעריש געלעכטער. כאַ — כאַ — כאַ! שטעל

דיר פויר: כ׳האָב חתונה געהאַט — דאָס איז געווען אַנ׳ענטפער אויף מיין דורכפאַל באַ דיר.

### שרה׳טשע:

שעלמיש. האָסט גוט געטוען — יעצט וועסטו שוין מיך זיכער קענען פאַרגעסען. לאַכט.

### דער אינוואַליד:

אַ מאַך מיט דער האַנט. כ׳האָב אַ יונג שיין ווייב, וואָין עלעגאַנט און פול מיט לוקסוס, כ׳בין איצט רייך גענוג — אָבער — אַלץ איז מיר פרעמד. כ׳דריי מיך אַרום אַ פרעמדער אין מיין היים. מיין אייגען ווייב איז מיר פרעמד — זי פאַרשטייט מיך נישט...

### שרה׳טשע:

ציניש. דאָס דאַרפסטו זאָגען דיין ווייב — נישט מיר. דו נודעסט מיך.

### דער אינוואַליד:

מיט געבעט. הער מיך אויס.

### שרה׳טשע:

גוט.

### ש ו ײ ג ע ן.

### דער אינוואַליד:

מיט אַ געבראָכענער שטים. צווישען אונז ביידע, האָב איך געוויסט און געפיהלט, איז אַלץ געענדיגט. ווי טוט מען זיך אַהין, מיט מיין קראַנקער נשמה? יאָ, מיין נשמה איז קראַנק. העפטיגער. האָב איך באַשלאָסען אַריין אין לעבען: כ׳האָב גענומען פאַרברענגען מיט די שענסטע פרויען; הוליען און פאַרברענגען גאַנצע נעכט. כ׳האָב גענומען שכור׳ען... נאָך אַ ווײַלע. מ׳האָט אָנ־

געהויבען צו רעדען וועגען מיר. אַלע האָבען מיך געהאַט אין די מײלער. פּאַרווינדערט. וואָס אַרט מיך די וועלט? רופט אויס. כ׳וויל אויסנוצען ס׳לעבען, כּל זמן כ׳בין נאָך יונג... ריייסט איבער. אויסגעלאָשענע אויגען האָבען פאַרפירעריש געווינקען צו מיר, גרין־בלויע ליפען האָבען מיך באַרירט, איינגעפאַלענע ברוסטען האָבען געטוליעט זיך צו מיר; דאַרע אויסגעשטרעקטע הענט האָבען קראַמפּירענדיג מיך אַרומגענומען... כ׳האָב דערזעהען מענטשען־סקעלעטען, וואָס זינדיגען ווי שאָטענס אויף דער וואַנט; כ׳האָב דערפיהלט דעם קאַלטען אָטעם פון׳ם לעבען. אויסרופענדיג. דאָס לעבען איז מיאוס! כ׳וויל אָבער, לעבען, לעבען! — כ׳בין נאָך אַזוי יונג...

פּויזע.

### דער אינוואַליד:

מיט נעבעט. קעהר דיך אום צוריק צו מיר —

### שרה׳טשע:

כ׳בין זינדיג...

### דער אינוואַליד:

כ׳וועל דיר אַלץ מוחל זיין.

### שרה׳טשע:

פאַר זיך. כ׳בין פול מיט זינד... זינד...

### דער אינוואַליד:

באַגייסטערט. כ׳וועל דיך אַריינפירען אין מיין הויז, דו וועסט זיין מיין ווייב. כ׳וועל פאַר דיר עפענען די וועלט — דו וועסט ערשט דערקענען און אויסנוצען דאָס לעבען. מיין לאַגע וועט דיר געבען די מעגליכקייט דערצו. דיין פאַרגאַנגענהייט וועט אָבגעווישט ווערען, פון דיינע גוטע מעשים, וואָס דו וועסט

טויען, ווייסט דיר קונא שם זיין — אַזוי טויען אַלע. אויך דער עלטער ווערען זיי פרום. ווי פריהער. מיר וועלען זיך ביידע ליבען און זיין גליקליך — — קעהר דיך אום צוריק צו מיר...

שרה'טשע:

דאָס קען איך נישט.

דער אינוואַליד:

אין שרעק פאַרוואָס?

שרה'טשע:

פעסט מיין אָרט איז דאָ. אין מיין שאַנד, מוז איך פאַרלוירען גייען.

דער אינוואַליד:

פאַרווינדערט קענסט דאָך אָבער אַרויסרייסען פון דעם זומפּ, וואָס האָט דיך אריינגעכאַפּט —

שרה'טשע:

שוואך. ס'פעהלט מיר אויס כוחות אַרויסצוראַטעווען זיך...

דער אינוואַליד:

וועל איך דיר העלפען —

שרה'טשע:

פאַרקוקט אין דער ווייט. דאָ איז די אונטערשטע-וועלט.— דער דעמאָן רעגירט איבער אונז; דער גוף ווערט אויפגעפרעסען פון די זינד... דאָ קומען אַלע אום...

דער אינוואַליד:

שטיל. אַלע?

שרה'טשע:

שעפטשעט. אַ טייל אין די לאַבייען און שפּיטעלער. אַ סך פוילען אין די תפיסות, פאַר פאַרשידענע פאַרברעכענס און גנבות;

די איבעריגע מאטערען זיך דאָ אין יסורים, ביז זיי גייען שטיל אויס... אַלע קומען דאָ אום...

פ ו י ז ע.

שרה'טשע.

אויפגעכאפט פון שלאָף. כא—כא—כא! ווער האָט דיר געזאָגט, אַז מיר איז שלעכט? ס'פעהלט מיר דאָ, גאָרנישט... כ'בין אַליין, פריי...

דער אינוואַליד:

וויל עפעס זאָגען.

שרה'טשע:

קומט אריין אין דער ראָל. כ'האָב געזעהן דו ביסט נייגעריג, האָב איך מיך לייכט אַמיזירט מיט דיר.

דער אינוואַליד:

שטייט טיף פארטראכט.

שרה'טשע:

פלוצלונג. ווילסט קענסטו היינטיגע נאכט, פאַרבלייבען מיט מיר? ווערסט זיין מיין גאַסט, און כ'וועל דיך אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס — דיך גוט ווייל'ען.

דער אינוואַליד:

און אונזער ליבע?

שרה'טשע:

אין דער וועלט אריין. ליבע עקזיסטירט נישט. ס'איז דאָ ליידענשאַפט, און אויב זי ווערט איבערגעזעטיגט, שטאַרבט זי אָב...

דער אינוואַליד:

און די זכרונות —

### שרה׳טשע:

דאָס איז אַש. וואָס ווירקט ווי אָפּיום צו פאַרטויבען די מוחות... פּלוצלונג. נאַרעלע, דיך אינטערעסיר איך און נישט קיין אַנדערע. צו וואָס דאַרפסטו דאָס אַלץ וויסען? מיט פייערליך אין די אויגען. דו דורשסט נאָך מיר, ווערסט פאַרשכורט פון דעם אַראָמאַט פון מיין קערפּער — גענעהן צו מיר... דו ווילסט דיך אָנזעטיגען מיט מיר. הער ס׳געזאַנג פון מיין בלוט, וואָס רופט צו דיר: שטיל מיין פאַרלאַנג.. זויג אויס פון מיינע אויגען דעם פלאַם־פייערדיגען חשק צו דיר, און פון מיינע ברוסטען די גרויסע ליידענשאַפט, וואָס ברויזט, מאַכט שטאַרקער קלאַפּען אין מיר מיין האַרץ — דערזעהענדיג דיך. שטיל מיינע פאַרלאַנגען און כ׳בין דיינע!

### דער אינוואַליד:

אָט, בין איך. ישליסט זי אין זיינע אָרעמס.

### שרה׳טשע:

שעלמיש דו האָסט געמיינט אַז כ׳בין שוין אַלט?

### דער אינוואַליד:

איר פרויען זענט דער אייביגער פרילינג...

בײדע: בייען־אַרייס אונטער דער פּיירהאַנג, מ׳הערט אַ ווײלע זייער שטיל שושקען און לאַכען, ביז עס פאַרשווינט.

פּויזע.

### דער אינוואַליד:

פּזי יענער זייט: אין עקסטאַז ווי שיין דו ביסט.

### שרה׳טשע:

אין אַ געהויבענער שטימונג. אַנטציק דיך אין מיר —

שווייגען.

**שרה׳טשע :**

לײדענשאַפטליך. דריק מיך שטאַרק צו דײן ברוסט

**דער אינוואַליד :**

מיט אַ ציטעריגע שטים. כ׳װער פאַרברענט פון דײנע הײסע פלאַמען — כ׳דורשט נאָך דיר.

**שרה׳טשע :**

מיט אַ װײ־געשרײ גענים מיך — —

**דער אינוואַליד :**

מיט אַ פאַרכאַפּטען אָטעם דו כשופסט מיך —

**שרה׳טשע :**

דאָס איז אונזער סוד — — — —

גרויסע פויזע.

# פינעפטע סצענע.

## שלמה — אַנאָרקאַ.

**שלמה :**

קומט שטיל אַרײן, פאַרײכערט אַ ציגאַר, זעצט זיך אַנידער בא׳ם טיש נאָך אַ װײלע ציהט ער אַרויס פון דער אונטער־טאַש אַ פּעקעל בראַנפען, גיסט אָן עטליכע גלעזלעך, טרינקט זײ שנעל אויס — צולעצט לײגט ער זיך אויף דער קאַנאַפּע און שלאָפט אײן. אַנאָרקאַ לאָזט זיך אַראָב פון די טרעפּען, זי אַ קאָן װעלענדיג שטיל אונטער צו זײן געלעגער. קורצע פויזע.

**שלמה:**

שרײט אויס װער איז ?

**אַנאָרקאַ :**

פאַרלגנען איך — אַנאָרקאַ.

שלמה:

(זי פריסט:) וואָס איז?

אַנאָרקאַ:

כ'וויל עפּעס רעדן מיט דיר.

שלמה:

(ברומט אונטער די נאָז.) אַן אַנדער מאָל, נישט איצט —

אַנאָרקאַ:

(גיפטיג.) איר ענטפערסטו אויך אַזוי?

שלמה:

וועמען?

אַנאָרקאַ:

שרה'טשען

שלמה:

(ביטער:) צ'איז דיר עפּעס אין קאָפּ אַריין. כאַ—כאַ—כאַ! דו ביסט ביי מיר די אייגענע קנאַקערן וואָס זי.

אַנאָרקאַ:

פאַר איר קריגסטו די מגירה. (נאָך אַ ווײַלע.) ווען דו פאַרבלײַבסט מיט איר אויף אַ נאַכט: הייבט מען באַלד אָן שנעלען אין האַלז אַריין, ס'ווערט ברייט געשעשט און מ'הוליעט, ס'איז לעבעדיג אין הייזעל: נקבות און יונגען קומען צוזאַמען, פון אַלע עקען — און דאָס מחיה'לע געדויערט ביז'ן ווייסן טאָג אַריין. אַלע נקבות ווערן שיער צוקנאַקט פאַר קנאה... איך שטיי אָן אַ זייט און קוק צו... (צוגעבענדיג.) אויב דו דערזעהסט מיך אַמאָל — איז מיט אַ גלעט, אַ קיצעל אין אַ זייט. האָסטו דיך שוין אויסגעקויפט פון מיר אויף אַ לאַנגע צייט; יעצט מעג איך שוין וואַרטען, ביז כ'וועל דיר ווייטער פאַלען אין אויג אַריין, און באַסטאַ. זי איז דיין... אָבער, איך?

### שלמה:

צולאכט זיך הייך אײַפּן קול כאַ—כאַ—כאַ! ווער שטערט דיר מיטצוהוליען מיט אונז מ׳מאַכט אַ לײַטישע כּוסה. רערבאַ שלאָגט מען אָב אַ יונג און מ׳פאַרבלייבט מיט אים.. ס׳מוז זיין נאָר— איך? כ׳האַלט נישט פון דיר. טויגסט נישט צו דער מלאָכה — ווי צו פאַרדינען אַ שמאָנדאַק... כאַ—כאַ—כאַ: האָסט דיך אַליין אויסגע׳שחור׳ט. לאַכט.

### אַנאָרקאַ:

ביטער וועסט זעהן. כ׳וועל דיין לאַרוויסקע אונטערקיפען די זייטען. און איר אויספוצען ס׳פּנים, מיט בלויע לאַמטערן אונטער די אייגען, — זי וועט דיר אויפהערען צו געפעלען, שיקסטו זי גלייך לופטערען... דאָס וועל איך איר טוען גאַליג. ווי קומט זי צו דיר? ווער איז זי, אַ געמיינע באָס. וואָס נאָר דיך האָט זי געכאַפּט אויף דער ווענטקע. אָבער. ווער וויל ויך אומקוקען אויף איר? כ׳וועל איר שוין דערציילען די מעשה. זי וועט מיך נאָך האָבען צו געדענקען.

### שלמה:

ווי פריהער. אַזוי, וועסטו איר מאַכען בלויע רערער אונטער ד׳אויגען, און זי וועט מיר דערפאַר אויפהערען צוגעפעלען... כאַ -כאַ—כאַ!

### אַנאָרקאַ:

שווייגט.

### שלמה:

זעצט זיך אויף אויפין בעטעל. נאַרעלע. איר ביידע זענט מיינע נקבות און איך וואָין מיט אייך. כ׳האָב צו אייך קיין פּרעטענזיעס נישט. איר באַהאַנדעלט מיך גאַנץ גוט... כאַ—כאַ—כאַ! קייכט פון געלעכטער.

**אַנאָרקאַ:**

אָבער, דו אונז?

**שלמה:**

שטייט אויף. פּאַשאָל.

**אַנאָרקאַ:**

ארויסקוקענדיג פון דער אויסגאַנג־טיר. אונזערע נקבות זענען אין דרויסען.

**שלמה:**

באַלעמוטשע נישט. פּלוצלונג. מיט וועמען האָב איך מיך אנידערגעשטעלט רעדען, מ'שטיינס געזאָגט? באפוילעריש. מאַרש. ארויס אין גאַס אַריין. יעצט איז די סאַמע בעסטע צייט, ווען מ'קען אַריינכאַפּען אַ פרייער און אָבלעקען באַ אים אַ ביינדעל, שטייט זי דאָ — כ'מוז דיר געבען צופרעסען און צו קליידען.

**אַנאָרקאַ:**

שארף. כ'אַרבעט אויף דיר און דו טוסט גאָרנישט. ביסט געוואָרען אַ גאַנצער פּריץ, און נאַרישע נקבות אַרבעטען פאַר דיר... ווען נישט איך, וואָלסטו פאַרפוילט געוואָרען אין די טיורמעס.

**שלמה:**

גראָב. אַזוי, דאָס האָב איך דיר אַלץ צו פאַרדאַנקען? דאָס האָב איך נישט געוויסט. לאָזט זיך צו איר אין דער גרעסטער רציחה. דו אַלטע קאָבילע! ווען נישט איך, וואָלט מען שוין נישט געוויסט, ווי דיין געביין איז אַהינגעקומען. ווער קוקט זיך דאָס אום אויף אַ זעלכע נקבות? אָרענטליכע מענטשען

אַנטלויפען פון זיי, ווי פון פעסט... מיט אויסגעגלאָצטע אויגען. וואָס, נקבות זענען שוין אויך מענטשען..? לאַכט.

## אַנאָרקאַ:

טייוולאָניש. דו לעבסט פון זיי. זיי זענען דיינע שפּייזער

## שלמה:

שווייג! הייבט אויף אַ פויסט אַ קעגען איר, אַנאַרקאַ איז בעבליבען ווי פאַרשטיינערט.

**פ ו י ז ע.**

## אַנאָרקאַ:

לויפט אונטער צו אים ווי אַ קעצישע חיה, אונטערטעניג. פאַרוואָס ביסטו אַזוי שטרענג צו מיר? לאָזט מיך נישט אויפהייבען אפילו דעם קאָפּ..? נאַר, כ׳מוז שטייען אונטער דיין רוט —

## שלמה:

אַזוי מוז עס זיין.

## אַנאָרקאַ:

מיט קינדערישער תמימות ווייסט, צוליב דיר האָב איך מיך אָבגעזאָגט פון אַלץ. כ׳האָב אַוועקגעוואָרפען מיין שטילע היים. כ׳האָב געהאַט אַזאַ טייערע מאַמע, וואָס האָט געפלאַטערט איבער מיר ווי אַ שטילע טויב, זי האָט מיך אַזוי ליב געהאַט... כ׳בין געוועזן אַזאַ כשרה ערליכע נשמה.. אַזאַ שיינע... אין שרעק. דאָס אַלץ האָב איך מקריב געווען צוליב דיר: מיין יוגענט, מיידעליש־קייט, און מיין היים — — כ׳האָב צוליב דיר אויסגעקליבען די גאַס פאַר מיין היים, כ׳בין אַריין אין אָבגרונט פונ׳ם לעבען.— פאַרטיפט אין געדאַנקען, רעדט צו זיך. אַי, ווי ווינדערליך דאָס אַלץ זעהט אויס. דאַכט זיך, ס׳איז געשעהען ערשט נעכטען אין דאַך—שוין אַזוי לאַנג... אַזוי לאַנג... ווי אין חלום געדענק

איך שוין יעצט אַלץ. מיט אמאָל. צוליב וואָס האָב איך דאָס געטוען ? כ׳זאָל האָבען אַזאַ שוואַרצען סוף..? ! כ׳זאָל יונגער־הייט קיהלען די ערד, ליגען איינזאַם דאָרט ערגיץ באַ׳ם פלויט און אַ קליין בערגיל זאָל צודעקען מיין קבר. העפטיגער. ווער האָט מיך צוגערעדט צו דער שמד ? וואָס האָסטו געוואָלט פון מיר ? פון מיין יונגער ערליכער נשמה..? מיט יאוש כ׳בין שוין יעצט קראַנק, און מיין סוף איז נישט ווייט... נישט ווייט...

פאַרהויסט זיך, קוקט מיט פאַרלאָשענע אויגען אַרום זיך.

## שלמה:

פון דערווייטען. האָסט אַזוי געוואָלט. ס׳האָט דיך קיינער נישט צוגערעדט דערצו. איך ווייס פון גאָרנישט. דרייט זיך אום האַסטיג צו איר. אפשר, באַשולדיגסטו מיך ? הא..? נאָך אַ ווײַלע. דיין בלוט איז געווען צו הייס, זינדיג... און דו האָסט מיך מיטגעשלעפט אין דעם זומפ אַריין; איך וואָלט דאָ יעצט נישט געווען.

## אַנאָרקאַ:

ווי פאַר זיך. די שולד איז מיינע. יאָ, כ׳האָב געדאַרפט וויסען וואוּהין דו פירסט מיך, אין שאול תחתיה אַריין: כ׳בין לייכטזיניג דיר נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטען. מיט אַ ווײַ־געשריי. זיי כאָטש גוט צו מיר, ליבליך, כ׳האָב דאָך אַלץ פאַרשפּילט צוליב דיר — און דו ביסט אַזוי אַכזריות׳דיג צו מיר, אַזוי שלעכט... מיט אויסגעשטרעקטע הענט. כ׳האָב דיך ליב — —

## שלמה:

גראָב. ליבע־שמיבע. ליב האָט זי מיך. כ׳בין דאָך נישט דיין ליבהאָבער ? העכער. שלאָג דיר דאָס באַצייטענס פון קאָפּ אַרויס, וועט דיר געזונטער זיין. נישט אַרומטראָגען זיך מיט

נאַרישקייטן. פעסט. דאָס איז מיין געשעפט, און ווייטער גאָר-נישט!

אַנאָרקאַ:

מיט בלאָנדזשענדיגע אויגען. און איך וואָס בין דאָ?

שלמה:

שטאַמעלט. כ׳ווייס... דו ביזט אויך דאָ — אַז דו ווילסט. אַז נישט, וועלען קומען אנדערע... די וועלט איז גרויס.

ג ר ו י ס ע  פ ו י ז ע.

אַנאָרקאַ:

מיט געבעט. זעה, ווי מיין האַרץ ווערט יעצט צושניטען אין מיר: זיי מיר אַ חבר אין מיין גרויסער נייט; פאַר ד׳אויגען שווינדעלט מיר, מיינע שלעפען האקען ווי מיט האַמערס — לאָז מיך אָנשפּאַרען מיין קראַנקען קאָפּ אויף דיין שטאַרקער ברוסט... גענעהען צו מיר — האָב מיך ליב... וויל טוליען זיך צו אים, שלמה שטופּט זי האסטיג אָב פון זיך, אנאָרקא פאַלט אויף דער ערד.

שלמה:

דונערדיג. אַרויס גיי. די גאַס איז דיין היים.

אַנאָרקאַ:

שטייט שטיל אויף, גייט אונטערטעניג אָב. שלמה שטייט אַ ווײלע פאַר-טראַכט, גייט שנעל אָב.

# זעקסטע סצענע.

## שרה׳טשע — דער אינוואַליד.

### שרה׳טשע:

לויפט אריין אַ צושטראַלטע, פארשטעקט עפעס שנעל אונטער׳ן בוזים, מאַכט צורעכט זיך די טואַלעטע און האָר, ברומט עפעס, אַ לידעל שטילערהייט

אונטער די נאָז; דער אינוואַליד קומט אריין אַ קאַלטער, גלייכגילטיגע באַוועגונגען, שטייפּע מאַניערען — שרה'טשע דרייט זיך אום מאַשינאַל צו איהם, שמייכעלט פאַר-לעגען, זי וויל קענטיג עפּעס זאָגען גאָר געפינט נישט אַ פּאַסענדיגען אויסדרוק: ביידע קוקען זיך אַ ווײַלע שטום איבער — שווייגען.

## דער אינוואַליד:

רייסט איבער די שטילקייט, מיט אַ פעסטער שטים. כ'קען שוין גייען. כ'בין יעצט שוין דאָ אַנ'איבעריגער.

## שרה'טשע:

פאַרלעגען. אַז דו ווילסט —

## דער אינוואַליד:

ניין, כ'מוז. מ'וואַרט שוין אויף מיר געשעפטליך. וויל אַפּ-גייען, שרה'טשע פאַרהאַלט איהם.

## שרה'טשע:

יעלמיש. ווען קומסטו ווייטער?

## דער אינוואַליד:

שטיל. כ'וועל קומען. קיינער זאָל נישט וויסען, דערפון.

## שרה'טשע:

האָט נישט פאַרשטאַנען. דאָ מאַכט נישט אויס. קענסט קומען צו יעדער צייט. טרעפסט מיך שטענדיג דאָ — אָדער, וועסט אַ ביסעל וואַרטען אויף מיר.

## דער אינוואַליד:

מיט אַ געמאַכטער העפליכקייט. גוט. מאַכט אַ האַנט-צייכען פון דערוווייטען. זיי געזונט.

## שרה'טשע:

קוקט איהם נאָך אַ לענגערע צייט, שטייט פאַרטראַכט, שלמה קומט אריין.

# זיבענטע סצענע.

## שלמה — שרה'טשע.

### שלמה:

שפרייזט אויפגעבערעגט איבער די שטוב, היין און צוריק, שטעלט זיך אויף א ווײַלע אָב, גייט באלד ווייטער, ער רעדט נישט אויס א וואָרט, איז שטיל און פארטראכט.

### שרה'טשע:

ווערט דרייסט. וואָס ביסטו אַזוי צושרויפט?

### שלמה:

שווייגט.

### שרה'טשע:

מיט פייערליך אין ד'אויגען. ס'האָט דיר עמיצער אָנ'עולה געטוען.

### שלמה:

ניין.

### שרה'טשע:

גאָר —

### שלמה:

ס'איז גאָרנישט. נאָך א ווײַלע. אַנאָרקא איז מיך באפאלען, האָב איך איר געגעבען די זריקה. זי וועט מיר אַזוי שנעל שוין נישט קומען אונטער די אויגען — ציטערען פאַר מיר.

### שרה'טשע:

אין שרעק. דו האָסט זי געשלאָגען?

### שלמה:

לאכענדיג. אפשר ווילסטו דיך אָנ-נעמען פאַר איר? אמאך מיט דער האנט. זי קען בעסער פון דיר.

**שרה'טשע:**

ניפטיג. **יאָ, זי איז אַ גיפטיגע שלאַנג**

**שלמה:**

פּאָכעט מיט דער האַנט אין דער לופטען. **זי וועט קריגען ס'איריגע.** צוגעבענדיג. **כ'וועל אַזוי לאַנג שטומען, ביז דאָס בלוט וועט אין מיר נישט אָנהייבען צוקאָכען, און דאַמאָלס צומאָל איך זי אויף שטויב.**

**שרה'טשע:**

קעציש. **דער הינט איז ווערט דעם שטעקען.**

**שלמה:**

קאַלט. **מ'דאַרף אייך אַלע אַראָבדרייען די קעפּ. פאַר קהל'ס וועגען.**

**שרה'טשע:**

**האָט** א ציטער געגעבען, בלייבט שטייען ווי **פאַרשטיינערט.**

פּ ו י ז ע.

**שרה'טשע:**

**גייט** אַוועק אין אַ ווינקעל, ציילט דאָרט אַ ווײַלע, קומט **באַלד צוריק, דער**לאַנגט אים אַ פּאַק געלט. **נאַ דיר** —

**שלמה:**

**וואָס גיסטו מיר?**

**שרה'טשע:**

**מיין פּאַרדינסט** —

**שלמה:**

ציילט **עס** שנעל איבער, פאַרשטעקט עס אין **די חויזען-טאַש,** פריילעך. **אַזויפיל?**

שרה'טשע:

שעלמיש. פון מיין געוועזן-עם חתן.

שלמה:

איז ער דאָ געווען?

שרה'טשע:

יאָ.

שלמה:

האָסט אים כאָטש גוט אויפגענומען..?

שרה'טשע:

זייער גוט. נאָך א ווײַלע. ער וועט אָפט דאָ אַהערקומען, האָט ער געזאָגט. ער וויל דיך באַקענען, ווײַל כ'האָב אים דערציילט וועגען דיר: דו ביסט מיין מאַן און אַז דו ווייסט מקלאָמפּערשט פון גאָרנישט—ווען עמיצער זאָל געוואָיר ווערען דערפון, וואָלט איך געהאַט גרויס פאַרדרוס.

שלמה:

מ'מוז דעם עולם טיצען. זיי פאַרדינען אויס'ן זיכער. כיטרע. חברה מיינען, אַז בלויז פאַר אַ קליידעל קריגען מענער די נכפה: מ'מוז וויסען יענעם אָנציציהען, כאַפּען אויף דער העצקע, צונעמען אים די לעבער — אויף אַנ'איידעלען אופן— דאָס איז אַ קונץ. דאָס דאַרף מען קענען. צו שרה'טשען. דו טויגסט צו דער זאַך. דו וועסט מאַכען אַ לעבען. פּלוצלינג. האָסט אים, ליב?

שרה'טשע:

האַסטיג. כ'ווייס נישט.

שלמה:

קלאַפּט איר אויף די פּלייצע. אָט, דאָס געפעלט מיר, דערזעהענדיג

ווי שרה'טשע קוקט אויף אים מיט שפיציגע אויגען, ווייל ער פארטרייבען דעם אייג-
דרוק. וואָס קוקסט אַזוי, אויף מיר?

שרה'טשע:

שטאַלץ. כ'וויל דערזעהען דיין מיאוס פּיסק — וואָס כ'האָב
ביז יעצט נישט געקענט. לויפט שנעל ארויס.

# אכטע סצענע.

שלמה—אליין.

שלמה:

רעדט צו איר, גאָר זי האָט שוין נישט דערהערט די ווערטער. אלע
גייען אַרום מיט נעז — זענען בייז. איף וועמען? וואָרום...
דערזעהט אז קיינער איז נישטאָ, בלייבט שטייען פארוואונדערט, גייט שטיל צום
פענצטער, קוקט ארויס אויף דער גאַס. אין דער זעלבער מינוט הערט מען א
גרויס געטומעל וואָס קומט פון דרויסען: געשרייען, ליארמען, א געפייפעריי. מ'זעהט
א דורכלויפען פאר'ן פענצטער אסך מענטשען. שלמה שטייט א ווייל רוהיג, באלד
אָבער ווערט ער אויפגערעגט, פראלט האסטיג אויף דאָס פענצטער, שרייט ארויס.
העי, וואָ—ס אי—ז?

קולות:

פון דער גאַס. ס'איז היימלעך אין געסעל. מ'שלאָגט כפרות.

שלמה:

פרעגט איבער. ווער — וועמען? באַקומט נישט אנ'ענטפער, לויפט
שנעל ארויס. די ביהנע בלייבט א ווייל ליידיג. שלמה קומט אריין אנ'אויפ-
גערעגטער, טראָגענדיג אויף ביידע הענט שרה'טשען — זי זעהט אויס א פאר'-
חלש'טע — אנ'אָפּען מויל, גרויסע שווארצע רעדער אונטער ד'אויגען. זי ליגט
שטייף און אָהן יעדע באוועגונג. ער לייגט זי אנידער אויף א בעטעל און לויפט
שנעל ארויף אויף די טרעפּען, שלסט פעסט צו די טיר אונטער זיך, איילט שנעל
צו שרה'טשען.

# ניינטע סצענע.

## שלמה — שרה׳טשע.

### שלמה:

בייגט זיך איבער צו איר, שטיל. איז דיר בעסער?

### שרה׳טשע:

שפּרינגט אויף פון בעט מיט אַ שרעקליכע רציחה, פאַרהאַלט מיט איין האַנט ס׳אויג. אַוועק פון מיר — כ׳קען דיך נישט אָנקוקען.

### שלמה:

אַזוי גאָר?

### שרה׳טשע:

כ׳האַס דיך.

### שלמה:

ס׳איז גוט צו וויסען. כ׳וועל יעצט שוין דיך האָבען אויפ׳ן אויג.

### שרה׳טשע:

פאַרבינדט זיך דאָס אויג מיט אַ טיכעל, גלייכט זיך אויס, נאָך אַ ווייל׳ע.
כ׳האָב מיך אָנגענומען פאַר דיר, האָב איך געלייזט אַנ׳אָפּשניט. נאָר, כ׳האָב עס ערליך פאַרדינט.

### שלמה:

שנעל. ווער האָט עס דיר געטועין?

### שרה׳טשע:

מיט אמאָל. איך וויל דיך שוין נישט קענען. היסטעריש. דו האָסט מיך אָבגענאַרט, צובראָכען, אויסגענוצט ביז׳ן בלוט — פאַרפאַלען. וואָס קען איך טוען? כ׳בין צו שוואַך אַ קעגען דיר. אָבער, גענוג... קום אויף אַנדערע הענט, און זאָלען זיי מיט

...יר אָבּרעכענען זיך, אויך פאַר מיינע עולות. ווייל גייען.

**שלמה:**

פארשטעלט איר דעם וועג. וואוּאַהין?

**שרה'טשע:**

לאָז מיך...

**שלמה:**

כ'מוז וויסען —

**שרה'טשע:**

מיט בלאַנדזשענדיגע אויגען. ווער ביסטו?

**שלמה:**

דו ליגסט אין מיין האַנט.

**שרה'טשע:**

בלייבט ש—ייען ווי אַ צומישטע, קוקט מיט דערשראָקענע אויגען ארום זיך.

**שלמה:**

לאכט ציניש.

**פויזע.**

**שרה'טשע:**

מיט אַ ווויי-געשריי. כ'וויל אַרויס פון דעם זומפּ —

**שלמה:**

שווייגט.

**שרה'טשע:**

אין עקסטאַז. כ'וויל לעבען פאַר מיר, נישט זיין אַ שטום ...רקצייג אין די הענט פון בלוטזויגערס, וואָס פארקויפען מיך. ...עכער. כ'וויל זיין פריי... אַליין...

**שלמה:**

ווייזט מיט דער האַנט אויף דער טיר.

**שרה'טשע:**

לויפט שנעל צו, דערזעהט אז זי איז פארשלאָסען, מיט א היסטערישען אויסגעשריי. עפען אויף.

**שלמה:**

און אז נישט...

**שרה'טשע:**

הילף. וועל איך זי אויפברעכען.

**שלמה:**

באַפוילעריש. טו עס.

**שרה'טשע:**

מיט די לעצטע כוחות. לאָז מיך אַרויס פון דאַנען — צו פריי לעבען.

**שלמה:**

לויפט צו איר מיט דער גרעסטער רציחה, שלעפט זי אראָב האסטיג. פאַרמעלט. נאַ דיר, די פאַרשאָלטענע פרייהייט. וואַרפט זי אנידער אויף'ן דיל'וורד, דערלאַנגט איר עטליכע שטאַרקע קלעפּ. שרה'טשע וועהרט זיך א ווייל־ע שוואַך, פאַלט אין וויינט יאָמערליך. שלמה קוקט מיט צופרידענקייט און לאַכט שטילערהייט פון איר.

פויזע.

מ'קלאַפּט שטאַרק אין טיר.

**שלמה:**

דערשראָקען. ווער איז?

**אַנאָרקאַ:**

פון יענער זייט טיר. עפען אויף.

**שלמה:**

שרייט ארויס. אַביסעל שפּעטער — איך בין יעצט פאַרנומען מיט אַ שטיקעל אַרבעט.

### אַנאָרקאַ:

באַפוילעריש. די מינוט עפען אויף.

### שלמה:

שנעל. שוין, באַלד. ווערט צומישט, ווייס נישט וואָס צו טוען.

### אַנאָרקאַ:

גיט עטליכע שטאַרקע שטויס פון יענער זייט, די טיר פראַלט אויף, אַנאָרקאַ שטייט אויף דער שוועל, אונטער איר אַ גאַנצע חברה, יונגען און נקבות, וואָס ריגלען זי אַרום פון אַלע זייטען. אַנאָרקאַ גייט פאָראויס — אַלע טרעטען פאַר איר אָב דעם וועג.

### שלמה:

שטייט ווי פאַרשטיינערט, קוקט אויף אַלץ מיט אויסגעגלאָצטע אויגען, ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען וואָס קומט פויר אַרום אים.

## צענטע סצענע.

### אַנאַרקאַ — שלמה.

### אַנאָרקאַ:

אַריינקומענדיג, רעדט אַראָב צו אים, פול מיט גאַל. כ׳בין געקומען מיך אָברעכענען מיט דיר. ווייזט אויף זיי.

### שלמה:

שטאַמעלט. אָבער —

### אַנאָרקאַ:

צולאַכט זיך הויך אויפ׳ן קול. כאַ—כאַ—כאַ! וויל דיך נישט פאַרענטפערען. פלוצלינג. ריר דיך נישט צו צו מיר, ווייל דו קענסט נאָך נישט מיינע נעגעל: כ׳בין יעצט אַ גיפטיגע שלאַנג—

### שלמה:

באַרימעריש. ווער האָט מורא פאַר דיר? וויל זיך ווארפען אויף

איר אין דער גרעסטער רציחה, זי שטייט רוהיג, האָט אפילו נישט אַ ציטער געגעבען.

## אַנאָרקאַ:

דונערדיג. קניען מוזטו יעצט פאַר מיר. מיט אמאָל. כ׳וויל דיין בלוט זעהען, דו זאָלסט דיך קאָרטשען אין ווייען, און אַזוי אויסהויכען דיין נשמה — דאָס וויל איך. מאַכט עטליכע טריט צו אים.

## שלמה:

ווילד. דאָס וועלען מיר זעהען. לויפט צו איר, ווי אַ צורייצטע חיה, אַנאַרקאַ ציהט עפּעס ארויס שנעל פון דער שייד, ס׳גיט אַ בליאַסק אים פאַר ד׳אויגען, ער ווערט דערציטערט און גיט פּלוצלינג אַ הילכיגען אויסגעשריי.
אַ—א!

## אַנאָרקאַ:

באַווייזט אַ שטילעט וואָס זי האַלט אין דער האַנט, גלייך אויסגעשטרעקט פאַר זיין ברוסט. אַוועק. נאָך אַ ווילע. וואָס האָסטו דיך אַזוי דערשראָקען פאַר מיר? כאַ—כאַ—כאַ! דו ווייסט דאָך, אַז כ׳האָב דיך ליב — וועל איך דיר שלעכטס טוען? כ׳האָב אַזויפיל געליטען צוליב דיר — און יעצט גאָר, וועל איך דיך הרג׳נען..? כ׳וועל דיר אַלץ פאַרגעבען — נאָר האָב מיך ליב... כאַ—כאַ—כאַ! פּלוצלינג כ׳בין יעצט אַ בלוטדורשטיגע חיה! כ׳וועל דיך אויסזויגען און שפּעטער וואַרפען פאַר די הינט — דאָס וועט זיין מיין צופרידענשטעלונג! מיין נקמה! העכער. וואָס ציטערסטו אַזוי פאַר מיר? קענסט דאָך דיך וועדרען, אַ קעגענשטעלען מיר — כ׳וויל הערען דיין שפּראַך, אָבהתמנען אין מיינע אַפּלען דעם לעצטען אָבשיין פון דיינע אויגען... דו שווייגסט? רעד אַ וואָרט, אַז נישט... הייבט אויף דאָס מעסער איבער זיין קאָפּ,

**שלמה:**

מיט געבעט. האָב רחמנות אויף מיר.

**אַנאָרקאַ:**

און דו — האָסט עס געטוען? מיט א ווײ-געשרײ. האָסט מיך געטריבען אין מײן שאַנד, כ'האָב מיך געמוזט פאַרקויפען — אַלץ צוליב דיר...

**שלמה:**

שטאַמעלט. כ'וועל שוין נישט.

**אַנאָרקאַ:**

קראַמפּירענדיג. שווײג! מײן לעבען האָב איך שוין פאַר־שפּילט.

**שלמה:**

ווי אין פיבער. לאָז מיך פרײ...

**אַנאָרקאַ:**

ברעכט אויס אין א היסטעריש געלעכטער. כאַ—כאַ—כאַ! דו ווילסט זײן פרײ? כאַ—כאַ—כאַ! דו וועסט באַלד פוילען אין קיטש! אויסרופענדיג. בענדיגט אים!

ס'ווערט א באַוועגונג. חברה ווילען אים ארומרינגלען, שלמה שלאָגט אַלע אָב, ס'ברעכט אויס א שטאַרק געשלעג. עמיצער האָט ארויסגעכאַפּט א מעסער, אַלע קוקען זיך שטום איבער, ס'דויערט א ווײלע, מיטאַמאָל וואַקסען זײ אויס אין געשלעג און מ'הײבט אָן צוגײען אויף מעסערס. פון שלמה'ס האַנט פאַלט אײנער א צובלוטיגטער אויף דר'ערד — אין דער אײגענער צײט הערט מען אויף דער גאַס א געפײפערײ, נאָך א ווײלע, לויפען ארײן עטליכע וואָלע־יונגען צוזאַמען מיט פאָליצײ, זײ מאַכען באַלד אָרדענונג, ליקווידירען ס'געשלעג, בינדען שלמה'ן, שלעפּען אים ארויס און דערלאַנגען אים אויפ'ן וועג עטליכע שטאַרקע קלעפּ — אַלע קוקען נאָך צופרידענע, בלײבען שטײען ווי פאַרשטײנערט.

**פ ו י ר ה אַ נ ג.**

## די דעקאָראַציע וואָס אין ערשטען אַקט.

אויף דער גאַס איז פינצטער, די לאַמטערען זענען פאַרלאָשען. דאָ און דאָרט לייכט ארויס אַ פאַס-ליכט פון אַ פענצטער אָדער אַ צוגעמאַכטען טויער.

אין דעם הויז וואו די נקבות וואָינען איז אָפען דאָס טויער — אינווייניג ברענט אַ לאָמפּ—פון דאָרט שלאָגט אַרויס אַ העל-ליכטיגקייט וואָס באַלייכט אַ קליינעם שטח אין דער אַרומיגער פינצטערניש.

די גאַס איז ליידיג. דאָ און דאָרט לויפען שנעל אַ דורך פאַרשפּעטיגטע פאַרבייגייער, קוקען זיך אַרום מיט חשד-בליקען, פאַרשווינדען. פאַר אַ הויז אויף די טרעפּען זיצען עטליכע נקבות און זענען פאַרטועען אין אַ שמועס. זיי שושקען עפּעס אין דער שטיל, ווי זיי וואָלטען גערעדט אַ סוד. קורצע פויזע.

# ערשטע סצענע.

## נקבות — די אַלטע.

### ערשטע:

ווערט דרייסט, רעדט אַ ביסעל העכער. מיר האָבען דאָ שטענדיג פרישע נייס: שלמה'ן האָט מען איינגעקוועטשט אין יושב בסתר אַריין און שרה'טשע איז אַוועק פון דאַנען, מ'ווייסט נישט ווי איר געביין איז אַהינגעקומען —

### צווייטע:

שלאָגט איר איבער. מ'ווייס ווי זי איז. אונזערע נקבות זאָגען, אַז זיי האָבען זי געזעהען... גערעדט מיט איר...

### אַלע:

רינגלען זי אַרום, מיט אַמאָל. ווי איז זי?

### צווייטע:

ווי אַ סוד. בּאַ איר מאַן.

### ערשטע:

נייגעריג. זי האָט שוין געשטעלט אַ חופּה מיט אים?

### צווייטע:

ניין. נאָך אַ ווײַלע. דערוויייל איז זי בּאַ אים אין הויז, ער איז זייער רייך: זי וואָינט ווי אַ גרעפין, מיט צוויי קאַמערדינער בּאַ דער טיר, אין אַנ'אייגענעם פּאַלאַץ — זי פאַרבּרענגט יעצט אַ לעבען, אויף אונז אַלע גאָר אינגאַנצען געזאָגט געוואָרען. מיט פאַרווּנדערונג. האַ, וואָס זאָגט איר דערצו?

ערשטע:

ערענסט. די נקבה האָט געשפּילט די מערכה.

דריטע:

שאַרף. זי האָט געפּאַקט אַ פרייער, נוצט זי אים אויס. כאַ—כאַ—כאַ! לאַכט ציניש.

פערטע:

אַ מאַך מיט דער האַנט. ער וועט שנעל אָנזעטיגען זיך מיט איר, זי וועט אים דערעסען ווערען און דערנאָך שיקט ער זי אויף דער פריי; זי קען נאָך האָבען גאָר אַ ביטערען סוף... אַ שאָד, אַזאַ נקבה.

ערשטע:

אויפגעלעבט. כ'האָב געקענט נקבות, אַז זיי איז געקומען אַזאַ העכט אין יד אַריין, האָבען זיי לאַנג נישט געשפּילט זיך מיט אים, דערגאַנגען די יאָרען. נאָך אַ ווײַלע. דערווײַל האָבען זיי געזעהען זיך צוקאָפּענס, אָנגעזאַמעלט טייערע בריליאַנטען, טייל גאָר הייזער און שפּעטער געגאַנגען פּליטה. — צוגעבענדיג. יעצט זענען זיי רייך, לעבען ברייט און שטעלען אַרויס די וועלט אַ פייג: זיי שפּילען אַ ראָל פון אָנשטענדיגע פרויען, האָבען זייערע מענטשען און קומען אין די שענסטע הייזער — מ'האָט שוין פאַרגעסען זייערע אַלטע חטאָים... פאַר דעם גאָלדענעם קאַלב בוקט זיך יעדער. אמת, ס'איז אַזוי? רופט אויס. אָ, ווען זי פרעגט מיך.

צווייטע:

פאַלט איר אַריין אין די רייד. זי האָט דעם ריכטיגען יאָלד און לעבט אַ גוטען טאָג... אָבער, מיר —

**דריטע:**

שטיל. מיר לעבען...

**צווייטע:**

שארף. ווי אזוי?

**ערשטע:**

ערענסט. ווי די מייז, ווי די ווערים אזוי קריכען מיר ארום. פון דעם מיסט וואס אנדערע ווארפען אוועק, דאס קלויבען מיר אויף—אזוי לעבען מיר...

**אלע:**

קוקען זיך איבער מיט דערשראקענע אויגען.

**ש ו יי ג ע ן.**

**דריטע:**

רייסט איבער די שטילקייט. כ׳בין זיכער, אז כ׳וועל נאך טרעפען א מענטש וואס וועט אומקוקען זיך אויף מיר, און מאכען א לעבען מיט אים

**ערשטע:**

שפאטיש דו?

**דריטע:**

יא — איך.

**אלע:**

לאכען.

**די אלטע:**

קריכט אונטער שטיל צו זיי, קוקט א ווייל אויף אלע מיט שפיזיגע אויגען, שעפטשעט. איר זענט באזשאמט. — ערענסט. האבען א היים, א מאן, דאס אלץ קענען פארגינען זיך די דאמען פון די אויבער־שטע שמאקען. אבער, מיר..? העכער. א נקבה וואס גייט ארויס אויס׳ן פארדינסט, מוז האבען אנ׳אויסגעעבערענט הארץ — נאר

זוכען פרנסה און ווייטער גאָרנישט. וועגען זיך אַליין טאָר זי נישט טראַכטען — אז נישט, איז זי פאַרשפּילט... וועט זי קיינמאָל נישט אַרויס פון דעם זומפּ. ווייל אַבגייען. עטליכע נקבות פארהאַלטען זי אויפ׳ן וועג.

## ערשטע:

כיטרע. פון וואַנען קענט איר זיי? איר זענט דאָך שיין אַנ׳אַלטע נקבה. קוקט אויף איר שפּאָטיש.

## די אַלטע:

מיט א ווייטאָג. אָי, קען איך זיי גוט. כ׳וואָלט זיי נישט דער־קענט אין מיין לעבען, וואָלט מיר אַסך גלייכער געווען. פאַר־שפּאָרט אזוי אויסצוזעהען... האַקט אָב.

## ערשטע:

אין דער וועלט אריין. די נאַכט איז שוין באַלד אַריבער ס׳וועט נאָך קומען צוקריכען עפּעס אַ שלעפּער. האַ? ווארט אויף אַנ׳־ענטפער.

## צווייטע:

גלייכצייטיג. דערציילט, וועלען מיר הערען.

## די אַלטע:

נאָך א ווייל. כ׳בין אַמאָל געווען יונג, שיין, נישט ווי היינט. יונגען האָבען געקריגען די נכפּה פאַר מיר, געשאַרט זיך צו מיר, געוואָרפען אויגען — כ׳האָב זיי אַלע אָבגעשלאָגען, גע־שיקט זיי אַוועק פון מיר. העכער. כ׳בין דאַמאָלס געווען א נקבה, אַ ברען, אז כ׳בין אַרויס אויפ׳ן פאַרדינסט האָב איך מיטגע־שלעפּט וועמען כ׳האָב נאָר געוואָלט. די שענסטע הער׳ן זענען געלאָפען אויף מיר, ווי נאָך אַ הייס געבראָטענס. כ׳האָב אָנגע־מאַכט אַ טומעל אין דער גאַס מיט מיין אָנקומען. יעדער האָט געריסען זיך איבער מיר: אַלע יונגען האָבען געוואָלט מיך

אַריינעמען אין זיין הייזעל אַריין, כּדי כ'זאָל אים באַשיינען זיינע נקבות...

**ערשטע:**

מיט אַ ווינק. פאַר אַ שיינע נקבה געבען מענער אַלץ אוועק.

**צווייטע:**

בייז. שטער איר נישט.

**די אַלטע:**

צופרידען. דערווייל האָט מיך דער שוואַרצער יונה זשאַבע מיטגענומען אין דער וועלט אַריין, כ'בין אַריבער נאָך בוינע און פאַרלייגט אַ געשעפט. מיר האָבען געשאַרט הויפענס מיט גאָלד, געמאַכט די גראָבע זשמעניע, אָבגעטאַנצט דאָרט אַ צייט, בין איך געפאָרען ווייטער. ווי בין איך אַלץ נישט געווען? אין קאַיראָ, אַלזשיר, פאַריז, האַמבורג און אַסך אַנדערע גרויסע שטעט — כ'האָב אַלע פאַרדינט אויפ'ן זיכער. אין עקסטאַז. איר האָט געדאַרפט אָנקוקען מיינע טייערע זאַכען און קליידער. דער קאָרב מיינער איז שטענדיג פול געווען מיט אַל'דאָס גוטס: איך אַליין בין געווען אויסגעפוצט אין זייד און סאַמעט, אויף אַלע פינגער ברילִיאַנטען און טייערע שטיינער — כ'האָב אויסגעזעהען ווי אַ גרעפין... וואָס האָט מיר געפעהלט? כ'האָב מיר געהאַט אָבגעלייגט געלט אין די בענק. כ'בין שטענדיג געווען לוסטיג, געהוליעט און געלעבט אויף וואָס די וועלט שטייט... כ'האָב געלאַכט פון דער גאַנצער וועלט — —

**צווייטע:**

כ'האָב געמיינט, אַז זי איז געווען שטענדיג אַזאַ שלעפּערקע ווי איצט, און ס'איז גאָר פאַרקערט. צו איר. דערצייל ווייטער, דערצייל.

### די אַלטע:

*נעבראָכען.* כ'בין געפאַלען אין אויג אַריין דעם בלינדען וואָלף קוליע. ער איז צוגעשטאַנען צו מיר, אַז ר'וויל מיט מיר גייען צום רב און מיך נעמען פאַר זיין ווייב—כ'האָב מיך אויסגעלאַכט פון אים; דער יונג איז אָבער נישט אָבגעטריטען, מיר כסדר אונטערגעקומען און דערקוטשעט די יאָרען, ביז אַזוי לאַנג: כ'האָב באַשטאַנען... *זיפצט.* כ'האָב אָבגעהוליעט מיט אים אַ קורצע צייט, דער יונג האָט מיך אַריינגעקריגען פעסט אין זיינע לאַפּעס אַריין, מיר צוגענומען אַלץ וואָס כ'האָב געהאַט — און כ'האָב שפּעטער געמיינט רייך אַז כ'ווער זיינע פטור: ווייל פּאָליציי האָט מיך געוואָלט איינקוועטשען פאַר זיינע קאָמבינאַטאָרישע און אַפּעריסטישע שטיק. כ'בין קוים אַרויס מיט'ן לעבען. *שטילער.* שפּעטער בין איך קראַנק געוואָרען און אָבגעלעגען אַ לאַנגע צייט. אַז כ'בין אַרויס אויף דער פריי, בין איך שוין נישט געווען די וואָס אַמאָל. כ'האָב מיך שטאַרק געענדערט, אַזוי האָט מיך דאָס אַלץ אויסגעמאַטערט...

### ערשטע:

*זי פאַר זיך.* יעדע נקבה האָט דעם זעלבען סוף. גליקען, גליקען — דערווייל פאַלט עפּעס אַדראַב איבער איר און נעמט אַלץ צו וואָס ז'האָט אָבגעשפּאָרט פאַר זיך, מאַכט פון איר אַ תל.

### די אַלטע:

*נאָך אַ ווײַלע.* כ'האָב מיך נאָך עטליכע מאָל אָבגעבריט אין מיין לעבען, און כ'האָב מיר געזאָגט—גענוג... *צוגעבענדיג.* שפּעטער האָב איך שוין קיינעם נישט געוואָלט טרויען. כ'בין אַנטלאָפען פון מענטשען. כ'האָב פאַר זיי מורא געקריגען, אַזוי ביז'ן

הײנטיגען טאָג. כ׳לעב אַלײן... כ׳לאָז איבער די װעלט פאַר אַנדערע... כ׳לעב נאָר מיט מיר... אַלײן מיט זיך... אױסרופענדיג. יעצט אַז כ׳גײ אין גאַס אַרױס, כאַפּ מיר אַ פאַרדינסט איז שױן גוט: כ׳לעב שטיל, קלײד מיך פראָסט און כ׳באַהאַלט אַ גראָשען אױפ׳ן שװאַרצען טאָג. טײלמאָל מאַך איך אַ כּוסה — און גענוג. װאָס ברױך דער מענטש מעהר אױף דער װעלט? לעבען, און האָבען כּח צו שלעפּען די צרות... כי—כי—כי! לאַכט ציניש, כיכיקעט שטיל אַרױסגײענדיג אונטערװײלעכטס, ביז זי פאַרשװינט.

פּ ױ ז ע.

שלמה און די דינסט קומען אָן, די נקבות דריקען זיך אַלע צוזאַמען דער־שראָקענע בּאַ זײן אַרײנקומען, טײל מאַכען זיך ברײט אװעקצוגײען.

ערשטע:

אין שרעק. ער איז שױן װײטער דאָ.

צװײטע:

פאַרװינדערט. װער —

אַלע:

בלײבען אַ װײלע שטײען װי פאַרשטײנערט, די נקבות גײען שטיל אָב.

## צװײטע סצענע.

### שלמה — דינסט.

שלמה:

אין עק־גאַס, צו איר. ביז אַהער קענסטו מיך באַלײטען.

דינסט:

נאַיװ. און װײטער —

שלמה:

נישט.

דינסט:

פאַרוואָס?

שלמה:

כ׳דאַרף מיך מיט עמיצען דאָ טרעפען.

דינסט:

קינדיש. שטער איך דיר —

שלמה:

יאָ.

דינסט:

האָסט סודות פאַר מיר.

שלמה:

שווייגט.

דינסט:

תמעוואטע. ביסט אַזאַ שלעכטער? און איך האָב עס גאָר־נישט געוויסט.

שלמה:

ביסט אַ נאַר.

דינסט:

האָט נישט פאַרשטאַנען. פאַרוואָס?

שלמה:

הער מיר אויף צו דולען דעם קאָפּ מיט דיינע נאַרישקייטען. באפוילעריש. גיי און לאָז מיך צורוה!

דינסט:

מיט געבעט. כ׳וויל נאָך אַ ביסעל זיין מיט דיר. פאַרוואָס שטערסטו מיר אין מיין פאַרגעניגען — דו לאָזט מיך שטענדיג

איבער איינע אַליין, קומסט גאָרנישט אַרויף צו מיר... כ׳ווייס קיינמאָל נישט אויף וואָס פאר אַ וועלט כ׳בין...

שלמה:

אַזוי קומט עס. מיט אַ ווינק. נאָך דער חתונה וועלען מיר שטענדיג צוזאַמען זיין. דאַמאָלס וועט זיין דיין צייט.

דינסט:

מיט צושטראַלטע אויגען. מיינסט עס טאַקע ערענסט?

שלמה:

ווי דו פאַרשטייסט.

דינסט:

נאַיוו. כ׳גלייב דיר —

שלמה:

איז דאָך גוט.

ביידע:

לאַכען צופרידען.

פויזע.

דינסט:

מיט ליכטיגע אויגען. איך און דו זענען מיר איינס —

שלמה:

דו רעדסט דיר איין.

דינסט:

בייז. רייץ דיך נישט מיט מיר. ווייל...

שלמה:

דו לעבסט אין טעות.

דינסט:

מיט בלאַנדזשענדיגע אויגען. פאַרוואָס?

שלמה:

מיט אמאָל. ווייל, כ׳בין אַ ציגיינער, דאָרט וואו ס׳איז מיר באַקוועם, דאָ פאַרבלייב איך: דערשפיר אָבער די לאַנגווייליג־קייט וואָס קומט אָן, רייס איך אויס און בין באַלד דאָרט ווי דער נייער ווינט בלאָזט... ציגעבענדיג. דערווייל איז מיר מיט דיר גוט, בין איך דיינער. כ׳ווייס אָבער נישט, וואָס דער מאָרגען קען ברענגען און כ׳זאָל דיך מוזען פאַרלאָזען.

דינסט:

אויפגעלעבט. וועל׳ך שטענדיג דיך צופרידענשטעלען, דיר נאָכקומען אין אַלץ, דיך היטען ווי ס׳שוואַרצע אַפּעל פון אויג; כדי דו זאָלסט בלייבען אויף אייביג מיינער.

שלמה:

שפּאָטיש. קענסט מאַכען כשוף? צובינדען צו דיר אַ מאַן אַזוי, ר׳זאָל דיר נאָכגייען ווי אַ שאָטען..?

דינסט:

שווייגט.

שלמה:

ווי פריהער. הער, דו ביזט שוין נישט די ערשטע בא מיר: כ׳האָב שוין אַסך געשיקט לופּטערען. אין אָנהייב זענען זיי געווען שטאַרק זיכער בא זיך ווי דו יעצט, און אַלע האָבען געבראָכען די קעפּ...

דינסט:

וועל איך זיין די לעצטע.

פּ ו י ז ע .

### דינסט:

שטייט א ווײַלע פאַרטראַכט, ווי זי וואָלט פּלוצלינג באַפאַלען געוואָרען פון שרעק, כאַפּט זי אַרויס שנעל אַ פּעקעלע פון בוזים, גיט עס אים מיט ציטעריגע הענט, אויסרופענדיג. באַהאַלט עס שנעלער, מ׳זאָל נישט דערזעהען.

### שלמה:

האַט עס בליץ־שנעל פאַרשטעקט, נעמט אָן אַ זיכערע פּאָזע, רוהיג. ס׳האָט געכאַפּט אַ שליקערץ?

### דינסט:

ניין.

### שלמה:

ווי זעהט עס אויס?

### דינסט:

מיט אַ ווינק. אַ פעטער ביסען.

### שלמה:

האַלט איך פון דיר.

### דינסט:

נאָך אַ ווײַלע. אויב מ׳וועט מיך נעמען אויפ׳ן פאַרהער, וואָס טוט מען?

### שלמה:

נעסקים. פעסט. אַז מ׳האָט דיך נישט געכאַפּט באַ דער האַנט, פייפסטו אָן אַלע אַ וואַלץ. צוגעבענדיג. כ׳פאַרלאָז מיך אויף דיר —

### דינסט:

אין שרעק. כ׳האָב מורא יעצט שוין אַהיימצוגייען: מ׳זוכט מיך אודאי דאָרט אין אַלע ווינקעלעך. העכער. קום, וועסטו מיך אונטערפירען אַ שטיקעל וועג, וועט מיר זיין כאָטש אַ ביסעל

פרייליכער. ווע׳לך פאַרגעסען פון די צרות, וואָס וואַרטען אויף מיר באַלד.

שלמה:

גוט. ביידע גייען אָב הויך רעדענדיג צווישען זיך, שלמה פירט זי געאָרעמט, פאַרשווינדען.

שרה׳טשע:

קומט אָן, גלייכצייטיג זענען אָנגעקומען עטליכע נקבות פון זייטען־געסעל, באַלד ווי זיי האָבען זי דערזעהען, ווערט שרה׳טשע ארומגערינגעלט פון אַלע זייטען, זיי קוקען אַ ווײַלע אויף איר מיט שטומע בליקען, קורצע פויזע.

# דריטע סצענע.

## שרה׳טשע — נקבות.

איינע:

רופט אויס. אַ שרה׳טשע —

שרה׳טשע:

גוטמוטיג. וואָס מאַכט איר?

אַלע:

שווייגען.

שרה׳טשע:

צו זיי. איר פאַרדינט כאָטש אַלע..?

איינע:

גיפטיג. וואָס נאָך האָבען מיר —

שרה׳טשע:

ווי פריהער. אַנאָרקאַ איז נאָך דאָ און שלמה איז שוין אויף דער פריי?

**איינע:**

זיי זענען דאָ.

ש ו יי ג ע ן.

**צווייטע:**

באקוקט זי א ווײַלע, צו איר. דו האָסט דיך כמעט גאָרנישט געענדערט: זעהסט אויס פונקט ווי אַמאָל.

**שרה׳טשע:**

סארקאסטיש. וואָס האָט איר געוואָלט, הערנער זאָלען מיר זיין אויסגעוואַקסען אויפ׳ן קאָפּ? לאַכט שטיל.

**צווייטע:**

ווי פריהער. אָבער, אין אַזאַ גוטס —

**שרה׳טשע:**

ביט א מאך מיט דער האנט.

**איינע:**

אן א זייט צו איר, הויך אויפ׳ן קול. כ׳וויל דיר עפּעס זאָגען.

**שרה׳טשע:**

כ׳בין שוין נייגעריג. ביידע רעדען א ווײַלע עפּעס אין דער שטיל, שושקען זיך דערבאַ ווי ס׳וואָלט בעוועזן א גרויסער סוד. אַלע ארום זענען בעשפאַנט, טייל ווילען בגנבה עפּעס דערגייען. קורצע פּויזע.

**שרה׳טשע:**

דו האָסט אַ טעות, מיין קינד, אין עקסטאַז. יאָ, כ׳בין פאַרליבט. כ׳ליב אים מיט דער גאַנצער קראַפט פון מיין נשמה. ערשט יעצט פיהל איך אים אינגאַנצען: ער איז אין אַלץ, די גאַנצע וועלט אין אים; זי פאַרשווינט פאַר מיר ווען כ׳קוק נאָר אויף אים... כ׳בין אין די העכסטע הימלען מיט אים און

קיינער נישט מיט אונז — מירביידע אַליין... רופט אויס.
כ'ליב און ווער געליבט — — ווער איז צו מיר גלייך..?
לאַכט היסטעריש.

## איינע:

מיט חשד. כ'האָב מורא, זי איז נישט נאָרמאַל.

## שרה'טשע:

ווערט פּלוצלינג ערענסט. פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע, רעדט ווי צו זיך אַליין.
אפשר, וועט עס לאַנג נישט אָנהאַלטען, שנעל פאַרגייען, מיר וועלען ביידע אויסניכטערען זיך און זעהען אַז ס'איז געוועזן נאָר אַ שיינער חלום... וואָס ווילט איר? מיט שטראַלענדיגע אויגען.
כ'בין פאַרליבט אין אים, ביז שגעון. כ'פאַרגעטער זיין געשטאַלט. ער איז מיין גאָט און איך קני ליידענשאַפטליך פאַר אים... פאַלט אויף די קניען, אַלע מורמלען פאַרוואונדערט, טייל לויפען צו איר, ווילען זי אויפהייבען, אָבער זי שטופּט זיי אַלע אָב פון זיך, אויסרופענדיג מיט אַ הויך קול. אַוועק פון מיר! רירט מיך נישט אָן! כ'בין אַ הייליגע — —

## צווייטע:

אין שרעק. וואָס איז מיט דיר געשעהען? דאָס רעדט — דו? דו..?

## שרה'טשע:

שפּרינגט אויף ווי אַ צוררייצטע חיה. יאָ איך, אייער אַמאָליגע חבר'טע. די וואָס האָט צוזאַמען מיט אייך אַרומגעבלאָנקעט זיך איבער די גאַסען: געשמיסען געוואָרען פון רעגען, געפרירט אין די קעלט; די וואָס האָט מיטגעמאַכט אייער לעבען.
כ'בין געווען אַ געפאַלענע... רופט אויס. כ'בין אָבער צופרידען

וואָס מיר איז געלונגען צו ווערען אַן'אַנדערע — נישט ווי איר אַלע דאָ, וואָס איר קענט מיך נישט פאַרשטייען. לאַכט היסטעריש.

### אַלע:

קוקען זיך איבער דערשראָקענע.

**פ ו י ז ע.**

**אַנאָרקאַ** קומט אַן.

# פערטע סצענע.

## די פריהעריגע — אַנאָרקאַ.

### שרה'טשע:

**אַנאָרקאַ.**

### אַנאָרקאַ:

אָבשטעלענדיג זיך. וואָס איז.

### שרה'טשע:

גוטמוטיג. **צי האָב איך דיר עפּעס שלעכטס** געטוען? וואָס **דו** קוקסט אַזוי בייז אויף מיר —

### אַנאָרקאַ:

**כ'קען דיך נישטמעהר און דאָס איז אַלץ.**

### שרה'טשע:

שעלמיש. אַזוי גאָר. וואָס **שטייט דיר נישט אָן, מיין יחוס.**

### אַנאָרקאַ:

א פליעסק געבענדיג מיט ד'העגט, איבעראשט. **זעה** גאָר, **ד'האָסט דיך** אויסגעסטראָצעלט ווי אַ מאַדאַם...

### שרה'טשע:

רוהיג. **איז שלעכט.**

אַנאָרקאַ:

ס'מעסט דיר נישט צו דיין פּנים.

שרה'טשע:

טאַקע? איראָניש. דעסטוועגען האָב איך געמאַכט אַ בעסערע קאַריערע אין מיין לעבען, ווי דו —

אַנאָרקאַ:

וואָיל איז דיר. נאָך אַ ווײַלע. ס'איז אָבער נישט אויף לאַנג.

שרה'טשע:

פאַרוואָס?

אַנאָרקאַ:

אַז ער וועט דיך אַוועקוואַרפען, קומסטו צוריק דאָ אַהער.

שרה'טשע:

ביסט זיכער אין דעם.

אַנאָרקאַ:

יאָ. מיט שנאה. פון וואַנען האָסטו די חוצפה, צו וועלען גאָר גרייכען אַזוי הויך: זיצסט אין די הויכע פענצטער; פאַר-ברענגסט מיט די בעסטע מענטשען... ווי קומסטו צו זיי? באַפּוילעריש. דיין אָרט איז דאָ —

שרה'טשע:

אויפגעבלייגט. און אַז כ'וויל נישט דאָ פאַרבלייבען.

אַנאָרקאַ:

דונערדיג. וועסטו פאַלען.

שרה'טשע:

פאַרטראַכט. אפשר... ווער ווייס... פּלוצלינג. דערווייל, איז מיר גוט. כ'וויל נישט וויסען, וואָס ס'וועט זיין. אַנאַרקאַ האָט נישט דערהערט אירע לעצטע ווערטער, ווייל זי איז אַ ווײַלע פריהער שנעל אַנטלאָפען, שרה'טשע בלייבט שטייען טיף פאַרטראַכט, קורצע פויזע.

שלמה:

קומט אָן, די נקבות באַ זיין אַנ'קומען ווערען ווי צומישטע, הייבען אָן בּיסלעכווייז צווּעקצוּגייען, ביז זיי פאַרשווינדען אַלע.

# פינעפטע סצענע.

## שרה'טשע — שלמה.

שלמה:

דערזעהט זי, רופט אויס פּייערליך. א, שרה'טשע, ווי קומסטו עפּעס גאָר, דאָ אַהער?

שרה'טשע:

זי אויפגעכאַפּט פון שלאָף. וואָס —

שלמה:

ס'פּאַסט דיר נישט צו ענטפערען. בייזיג. אודאי, אז מ'קומט אַריין אין די פעדערען, פאַרגעסט מען די אַמאָליגע גוטע ברידער, מ'וויל זיי שוין נישט געדענקען.

שרה'טשע:

איז וואָס? דו האָסט עס פאַרדינט.

שלמה:

ווילסטו יעצט דיך אָבּרעכענען מיט מיר? מיט א ווינק. דו טראָגסט אַ בייז האַרץ אויף מיר, וואָרום כ'האָב אַמאָל דיר אַנ'עולה געטוען.

שרה'טשע:

וואָס אַמאָל איז געווען, האָב איך שוין לאַנג פאַרגעסען. העכער. כ'דערלויב נישט דערוועגען, צו רעדען מיט מיר! דו הערסט, צו נישט..? קוקט אויף אים מיט שפּיזיגע אויגען.

שלמה:

אַזוי גאָר —

שרה'טשע:

יאָ.

שלמה:

נאָך א ווײַלע. וואָס הערט זיך עפּעס בײַ דיר. וואָס מאַכסטו.
ווי גייט עס דיר?

שרה'טשע:

שאַרף. דאָס אינטערעסירט דיך נישט.

שלמה:

באַקוקט זי. דו זעהסט אויס, שיין —

שרה'טשע:

שווייגט.

פּויזע.

שלמה:

מיט אַמאָל. שרה'טשע, גוט וואָס דו ביסט דאָ אַהערגעקומען.

שרה'טשע:

האַסטיג. וואָס איז?

שלמה:

כ'האָב דיך געוואָלט זעהען...

שרה'טשע:

קוקט אויף אים פאַרוואונדערט. ?

שלמה:

נישט דרייסט. כ'האָב חרטה —

שרה'טשע:

אויף וואָס?

שלמה:

ווי פריהער. כ'האָב נישט געבּרויכט דיך אַרויסלאָזען פון מיין האַנט, באַפּרייען אינגאַנצען...

שרה'טשע:

שעלמיש. נאָר מיך נויטען, צו פאַרבּלייבען דאָ מיט דיר?

שלמה:

אין פארלעגענהייט. ניין, כ האָב דיך געדאַרפט גוט באַהאַנדלען, דיך שאַנעווען. נישט ווי אַלע אַנדערע מיידען. כ'האָב מיט אַלץ געדאַרפט שלאָגען כפרות צוליב דיר — דאַמאָלס וואָלסטו געווען מיין, מיינע אַליין. שטילער. אַזוי האָב איך כסדר פרעטענזיעס צו מיר; ס'טאָטשעט אין מיר, ווי אַ וואָרעם, ער עסט מיך לעבעדיגערהייט... כ'קען מיר אַנ'אָרט נישט געפונען...

שרה'טשע:

לאַכענדיג. וואָס ס'פעהלען דיר נקבות חוץ מיר? מיך האָסטו יעצט נאָך געדאַרפט : אָבּען, צום רימעל..?

שלמה:

האָט זי נישט געהערט. כ'האָב מיך נישט געקענט אויף דיר. בּאַ דיר האָב איך געקענט ווערען אַ לייט. טאָנירט. דו ביסט די ריכטיגע פרוי —

שרה'טשע:

פאַרוואָס נאָר איך?

שלמה:

דאָס ווייס איך.

שרה'טשע:

און די אַנדערע..?

שלמה:

דערשלאָגען. האָב איך דיך אַדורכגעלאָזט — בין איך שוין קאַפּוט. כ'וועל שוין קיינמאָל נישט ווערען אַ מענטש. בלייבען

אזעלכער ווי כ׳בין — אַ פענטאַק... פאַלען וואָס אַמאָל אַלץ בידעריגער, זינקען, ביז צום סוף... פעסט. דאָס ווייס איך גאַנץ זיכער, אַז אַזוי וועט עס זיין.

שרה׳טשע:

שאַרף. האָסט חרטה דאַרויף?

שלמה:

מיט אַ ווײ־געשריי. אָ, ווען כ׳קען יעצט דיך צוריקקריגען —

שרה׳טשע:

טריומפירענדיג. שוין צו שפעט.

שווייגען.

שלמה:

פלוצלינג. קען איך אַמאָל קומען צו דיר? דיך זעהען, רעז׳ען כאָטש מיט דיר..?

שרה׳טשע:

ניין.

שלמה:

פאַרוואָס נישט —

שרה׳טשע:

קאַלט. צווישען אונז ביידע איז אַלץ אויס. נאָך אַ ווײלע. צו וואָס זאָל איך אַריינלאָזען אַ שונא, צו מיר אין הויז? מיר אַליין פאַראומערען דאָס לעבען...

דער אינוואַליד קומט אַן.

# זעקסטע סצענע.

## די פריהעריגע — דער אינוואַליד.

דער אינוואַליד:

עלעגאַנט. כ׳בעט דיך איבער מיין טייערע, וואָס כ׳האָב מיך

אַ ביסעל פאַרשפּעטיגט, נאָר כ'בין געווען געשעפּטליך פאַרנומען.

נאָך אַ ווײַלע. וואַרטסט שוין לאַנג דאָ?

שרה'טשע:

מיט אַ געלעכטער. ניין.

דער אינוואַליד:

ווי פריהער. ביסטו נישט בייז אויף מיר?

שרה'טשע:

פאַרוואָס.

דער אינוואַליד:

דערזעהט שלמה'ן, צוריקגעהאַלטען. אַ, דו ביסט אין געזעלשאַפט, שטער איך —

שרה'טשע:

איך האָב נישט קיין סודות פאַר דיר. צוגעבענדיג. ס'האָט זיך מיר פאַרבענקט, נאָך מיינע אַמאָליגע פריינט. כ'האָב געוואָלט זיי זעהען, געוואָיר ווערען נייס — יעצט ווייס איך שוין אַלץ.

דער אינוואַליד:

שנעל. אפשר, קען מען אַהיימפאָרען?

שרה'טשע:

יאָ. פלוצלינג. כ'האָב מיך שטאַרק געווינדערט, פאַרוואָס מ'זעהט דיך נאָך אַלץ נישט. וואו דו ביסט...

דער אינוואַליד:

כ'דאַנק דיר.

שרה'טשע:

ערענסט. דו דאַרפסט נאָר טראַכטען פון מיר.

דער אינוואַליד:

כאַפּט אונטער. ביסט דער זין פון מיין לעבען...

שרה'טשע:

נאָך אַ ווײַלע. דו האָסט מיך ליב?

דער אינוואַליד:

פאַרשעמט. נעמסט מיך שוין אויפ'ן פאַרהער.

שרה'טשע:

כ'מוז עס וויסען —

דער אינוואַליד:

ווי אונטער אַ היפּנאָז. יאָ, זייער שטאַרק. כ'וואָלט מיין לעבען איינגעשטעלט צוליב דיר, מיין האַרץ און נשמה געהער נאָר דיר...

שרה'טשע:

שטרענג. עי, דאָס זענען אַלץ, ווערטער. באַווייז עס.

דער אינוואַליד:

מיט אַ ציטעריגע שטים. ווייניג האָב איך געליטען, יאָרענ־לאַנג געגאַרט, דיר נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטען... ווען נישט אַ צופאַל — וואָס איך האָב דיך ווייטער דערזעהען — ווער ווייס, וואָס וואָלט איצטער שוין געווען מיט מיר... הערכע. וואָס ווילסטו? פאַרוואָס פּייניגסטו מיך שטענדיג — ביסטו נאָך אַלץ נישט זיכער, אין מיין גרויסער ליבע, צו דיר? שטילער. ס'לעבען איז מיר שוין נמאס. כ'ווייס נישט, וואָס טוט זיך מיט מיר... מיט אויסגעשטרעקטע הענט. וואָס ווילסטו?

שרה'טשע:

מיט ליכטיגע אויגען. כ'גלייב דיר. צולאַכט זיך. כ'האָב געשפּאַסט מיט דיר, קינדעלע. כאַ—כאַ—כאַ! וואָס האָסטו דיך אַזוי דער־שראָקען, בלייך געוואָרען — קענסט מיך נאָך אַלץ נישט? ווייסט נישט, אַז כ'ליב מיך צו שפּילען, אַמוזירען מיט דיר..?

קאָקעטיש. אמת, אַז ס'איז אַזוי..?

דער אינוואַליד:

אנגעברוגזט. אָבער, נישט אויף אַזאַ אופן.

**שרה'טשע:**

שטרענג. מאַך נישט אַזאַ זויערע מינע, וואָרום, כ'וועל מיך נאָך באַליידיגען —

**דער אינוואַליד:**

שפּיפּעריש. וואָס וועט זיין?

**שרה'טשע:**

קאַפּריזנע. נישט גוט. דו וועסט מיך מוזען איבערבעטען. טאָמער געלינגט עס דיר נישט, ווערסטו באַלד צוטראָגען, ביסט ווי משוגע.

**דער אינוואַליד:**

פאַרזיכטיג. ס'איז אַ ביסעל איבערטריבען.

**שרה'טשע:**

צופרידען. אויב דו פאַרשטייסט מיך — האָב איך דיך ליב.

**דער אינוואַליד:**

גלייכצייטיג. און איך דיך. שליסט זי איין אין זיינע אָרעמס, קושט ליידענשאַפטליך, ס'דויערט אַ קורצע ווילע, ביידע זענען ווי צוזאַמענגעגאָסען.

פּויזע.

**שרה'טשע:**

ווי אויפגעכאַפּט פון שלאָף. דו וועסט מיך קיינמאָל נישט פאַרלאָזען.

**דער אינוואַליד:**

דערשראָקען. וואָס איז דיר איינגעפאַלען?

**שרה'טשע:**

ענטפער.

**דער אינוואַליד:**

ביין. מיט פייער. וואָס קענען מיך לאָקען אַנדערע פרויען? וואָס האָבען זיי פאַר מיר אַ ווערט, ווען איך האָב דיך?

ווער זענען זיי — זייער שיינקייט און רייך — דאָס איז אַלץ פאַרגענגליך. אין עקסטאַז. דו ביסט פאַר מיר די שענסטע פרוי פון אַלע. דו ביסט מיין אַלץ. דיך האָב איך אויסגעחלומ׳ט — צו דיר געשטרעבט און דערגרייכט. דו ביסט אַן אַנטפּלעקונג פאַר מיר — מיין גליק.

## שרה׳טשע:

דערשלאָגען. און דו וועסט מיך נישט אַוועקוואַרפען —

## דער אינוואַליד:

פעסט. דיין בין איך. דיין, אויף אייביג...

## שרה׳טשע:

געדענק. מיוולאָניש. כ׳בין אַ שפין. קריג איך איינעם אין מיין נעץ אריין, איז ער פאַרפאַלען. דאַמאָלס זעהט ער די גאַנצע אויסערליכע וועלט ווי דורך שפינוועבס, זי פאַרשווינט פאַר אים. העכער. דער וואָס באַרירט מיינע ליפען — ווערט אָנגעטרונקען מיט גיפט; ער מוז נאָר צו מיר געהערען — אַזוי וויל איך! מיין יעדער ווינטש, מוז פון אים אויסגעפירט ווערען, אַז נישט איז ער איינגעשטעלט מיט׳ן לעבען... קראַמפּירענדיג. דו ביסט מיין. דו מוזט מיך ליבען. מיר געהערען צו זיך... אונזער בלוט איז אויסגעמישט — און מיר זענען פאַרבונדען אויף לעבען און טויט... געדענק, אויב ד׳וועסט דיך אַמאָל באַפרייען פון מיר — וועסטו פאַלען — פון מיין האַנט. נאָך אַ ווײַלע. קום!

## דער אינוואַליד:

ווי אונטער אַ היפּנאָז, נעמט זי שטיל געאַרעמט, ביידע הייבען אָן ארויס־גייען — אין מיטען וועג בלייבט ער שטייען, קוקט מיט דערשראָקענע אויגען ארום זיך.

## דער אינוואַליד:

אין שרעק. דו ווײַנסט — ציטערסט — וואָס איז דיר?

### שרה'טשע:

לייכט. עי, גאָרנישט... כ'האָב מיך אַ ביסעל אָנגעשטרענגט. ס'וועט שנעל אריבער. צו אים. האָסט דיך דערשראָקען, נאַרעלע? דאָס איז פון פרייד: טרערען וואָס רינען אַליין — אַזוי לאַכט ס'הארץ אין מיר... העכער. מיר ביידע זענען אָנגע'שכור'ט, פון גליק! ווער ווייס, וואָס וועט נאָך זיין מיט מיר?

### ביידע:

אָב.

## זיבענטע סצענע.

### שלמה — אַנאָרקאַ.

### שלמה:

בלייבט שטייען שטארק צוטראָגען, נאָכקוקענדיג שטום די אָבגייענדיגע. ער לויפט צום עק-באַס, שרייט אין דער ווייטקייט אריין. אַנאָרקאַ.

### אַנאָרקאַ:

אָנקומענדיג. דו האָסט מיך גערופען —

### שלמה:

קאַלט. כ'דארף דיך יעצט האָבען.

### אַנאָרקאַ:

דערפרייט. כ'האָב געוויסט, אַז דו וועסט צוריקקומען. ביסט דאָך אַ נאַש בראַט, אַז מ'טוט אַנ'עולה — איז וואָס? דאַרף מען זיך בלאָזען?

### שלמה:

שלעפט ארויס אַ טייסטער מיט געלט, וויל איר געבען, זי נעמט נישט. ער רופט אויס. נאַ דיר. גיט עס איר שנעל, זי לאָזט אים אַראָב אויף דר'ערד. ער האָט עס נישט באמערקט. מיר זענען קוויט!

**אַנאָרקאַ:**

צולאכט זיך. **כאַ—כאַ—כאַ**! צו וואָס **טויגען** מיר אַזעלכע שמאטעס? זיי פעהלען מיר **נישט.** קענסט זיי אהינטראָגען דיינע אַנדערע כּלות — **דאָס** איז בּאַ זיי אַלץ. ענדערט דעם טאָן. **דו** ווילסט דערמיט דיך ריינוואַשען? כ'**האָב** דיר **געגעבּען,** עפּעס מעהר' —

**שלמה:**

פאַרווינדערט. **נאָך מעהר?**

**אַנאָרקאַ:**

יאָ. מיט א ציטערדיגע שטים. **כ'האָב** דיר **אַוועקגעגעבּען—אַלץ**... מיין לעבּען... מיך אַליין...

**שלמה:**

**ווער** איז דיר **שולדיג**?

**אַנאָרקאַ:**

**כ'**וויס נישט.

**שלמה:**

**וואָס** זאָל איך **טוען?**

**אַנאָרקאַ:**

**דו** ווילסט מיך נישט. נאָך א ווייל'ע. **אַמאָל, זענען געווען** אַנדערע **צייטען.** דאַמאָלס האָסטו מיך ליבּ **געהאַט** און **געקלעפּט** בּאַ מיר; האָסט גאָרנישט **געקענט** לעבּען אָהן מיר. **אָבּער,** הייגט... **צו וואָס** טויג איך **דיר**? ס'זענען דאָ אַנדערע, **שענערע** **פון** מיר — **אויף** זיי **בּיסטו** אַ **לאַזשיק. דאַרפסטו — מיך?** **צו** וואָט? ווילסט נישט **קוקען אויף מיר, אַנטלויפסט...**

שלמה:

**כ'בין אַוועק פון דיר, איבּער עפּעס אַנדערש.**

### אַנאָרקאַ:

פּאַרוואָס?

### שלמה:

דו ווייסט עס בעסער. כיטרע. דערמאָן דיך נאָר, וואָס ד׳האָסט אַלץ אָבגעטוען—

### אַנאָרקאַ:

קעציש. דו האָסט מיך געבּרענגט דערצו. דו אַליין.

### שלמה:

און פריהער?

### אַנאָרקאַ:

מיט אַ געמאַכטען אָנשטעל. כ׳געדענק גאָרנישט. ס׳איז אַלץ גוט געוועזן.

### שלמה:

אַזוי לאַנג ווי כ׳בין געלעגען איינגעלייגט.

### אַנאָרקאַ:

שאַרף. וואָס האָסטו געוואָלט זיין, אַ פרייער פויגעל?

### שלמה:

כ׳האָב מיך איינגעשטעלט, אָפּט ריזיקירט מיט׳ן לעבען. צוליב וואָס? כ׳האָב דאָך מיט דיר געטיילט מיין פאַרדינסט. רייסט איבער. נאָר, אַז ס׳איז אַמאָל געשעהען... כ׳בין געקומען צו דיר...

### אַנאָרקאַ:

שפּאָטיש. דיינע געשעפטען. שטענדיג האָסטו גע׳חלומ׳ט פון ריזיגע פּלענער און זיי זענען אויסגערינען איבער דער נאַכט. און אַז ד׳האָסט אַמאָל געטראָפען אַ לעז, ווייס איך אויך נישט

וואו ס'איז אהיינגעקומען. כ'האָב עס נישט איבערגעצײלט. חוץ עטלעכע רעשטלעך, אביסעל קלײנגעלט. און דערפאַר...

שלמה:

אָבער —

אַנאָרקאַ:

וואָס?

שלמה:

מיט אמאָל. וויפיל מאָל האָב איך געהונגערט, גאַנצע טעג. ווען כ'בין שפּעטער געקומען צו דיר אַ דערשלאָגענער, ד'זאָלסט מיר אַרויסהעלפן: האָסטו געשוויגן. אָדער, מיר צוגעוואָרפן אויף פוץ עטליכע פײגעל, וואָס האָבן קוים געקלעקט אויף אַ פּאָר שעה... אַז כ'בין באַנאַכט אַ היימגעקומען שלאָפן און אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, האָסטו זי נישט געעפענט. כ'פלעג נעכטיגען אויף ביידימער, דעכער אָדער, אונטער אַ פייכטע וואַנט אויף דער גאַס... ביטער. דאָס ווילסטו נישט דערציילן. ס'קען דיר נאָך שאַדען צום געשעפט. אָבער, איך געדענק עס. ס'האָט מיר איינגעקריצט זיך אין זכרון: כ'בין קראַנק געוואָרען דערפון — די ביינער רייסען און ס'טוט מיר ווי אין אַלע גלידער... אַלץ, פון יענע צייטען...

אַנאָרקאַ:

שנעל. האָסט עס אַזוי פאַרדינט.

שלמה:

ווי פריהער. דאָס איז נאָך נישט אַלץ. די שטענדיגע קריגע-רייען און געשלעגערייען, וואָס דערבאַ פלעגן אָנלויפן אַלע שכנים פון הויז, פריוון איינצושטעלן, צו מאַכן שלום צווישען

אונז. ווי לאַנג האָט ער אָנגעהאַלטען ? *א מאך מיט דער האַנט.* דו ביסט אָפּט אָנגעפאַלען אויף מיר. ווען נישט איך, וואָס כ'האָב מיך נישט געלאָזט — ווער ווייס, וואָס וואָלט שוין געווען מיט מיר ? דער לעצטער סקאַנדאַל, ווען פּאָליציי איז אַזש געקומען; מ'האָט אונז אַלע אַרעסטירט. דאָס פייער איז פאַרלאָשען געוואָרען. *צוגעבענדיג.* שפּעטער האָב איך מיך אַרומגעזעהען און געזאָגט, גענוג... זאָל זיין מיט מיר וואָס ס'וויל — דיך מוז איך לויז ווערען. כ'וויל נישט וויסען פון דיין געביין, דיך אָנקוקען.

### אַנאָרקאַ :

*ביטער.* כ'בין אַ נקבה — ווי קום איך צו אַ זעלכע זאַכען ? דו ביסט דאָך אַ ריז אַ קעגען מיר — וואָלט איך מיך אונטער־געשטאַנען אויפצוהייבען אַ האַנט אויף דיר ? ד'וואָלסט דאָך מיך צוטראָגען אברימווייז, ס'וואָלט געבליבען פון מיר אַ באַרג אַש.

### שלמה :

דו באַשטייסט פאַר אַ פולק סאָלדאַטען — קענסט זיי אַלע אַנידערלייגען. *סאַרקאַסטיש.* יאָ, איך האָב דאָס אַליין געמאַכט. כ'בין אַרויס אַ צוקיילטער און צובייזלטער אויף דער גאַס : מיט אונטערגעהאַקטע אויגען, שוואַרצע רייפען ווי די רעדער, און צוריסענע שמאַטעס. כ'האָב געשפּילט די ראָל פון אַ משוגענעם, אַלע האָבען אַזוי געקוקט אויף מיר: געלאַכט אין די פויסטען, געטייטעלט מיט די פינגער... יאָ, איך אַליין... כאַ—כאַ—כאַ ! כ'רעד דיר איין אַ קינד אין בויך. טאָר איך נישט ? קענסט מיך שיקען רופען פאַר'ן גרינעם טיש, וועל איך דאָרט באַלייגען מיינע ווערטער. דו ביסט דאָך אויסגעקאָכט אין יענע ערטער. שטענדיג זוכסטו נאָר אַ מחיה'לע, צו האָבען עפּעס צו טוען. אָט, האָסטו שוין אַרבעט... דו אויסגעלאַסען שטיק !

אַנאָרקאַ:

בייז. הייבסט שוין אָן? ס'וועט באַלד קומען צו אַ סקאַנדאַל.

שלמה:

באַווייז עפּעס. כאַ—כאַ-כאַ! העכער. קוקט נאָר אָן דעם שטשור, וואָס שצירעט ד'אויגען אויף מיר. נעם זיי אַוועק, וואָרום... מעהר ווי ס'טרפה'נע פּיסק האָסטו נישט. דאָס רעדט זיך איין — גייט מיט מיר פירען מלחמה. צוגעבענדיג. מיך וואָס קיינער האָט נישט געקענט בענדיגען, וויל זי האַלטען אין די לאַפּעס. כ'זאָל זיין איר מענטש, ליגען אונטער אירע פּאַנטאָפּעל... נישטאָ ווער ס'זאָל מיטלאַכען. לאַכט ציניש, שפּרייזט וואָלעריש הין און צוריק, זי שטעלט אים אָב, ער קוקט פאַרהוינדערט אויף איר.

אַנאָרקאַ:

כיטרע. צו וואָס דאַרפסטו טראָגען אַ בייז האַרץ, אויף מיר? לאָ'מיר איבערבעטען זיך און ס'וועט שוין אַלץ גוט זיין.

שלמה:

ניין.

אַנאָרקאַ:

שוואך. פאַרוואָס?

שלמה:

כ'וויל נישט.

אַנאָרקאַ:

האָב רחמנות —

שלמה:

שווייגט.

אַנאָרקאַ:

געבראָכען. ווילסט דיך נוקם זיין אין מיר?

שלמה:

דיין רויט בלוט וויל איך זעהען.

פויזע.

אַנאָרקאַ:

מיט א ווייגעשריי. כ'וועל טרינקען דעם ברוד פון דיינע פיס, אַבּי לאָ'מיך זיין נעבען דיר; וואָ'ן מיט מיר — קוק דיך אום אויף מיר...

שלמה:

הארט. ווער ביסטו?

אַנאָרקאַ:

היסטעריש. כ'האָב געמיינט, אַז כ'וועל דיך קענען פאַר־געסען. אָבער, מיך ציהט צו דיר... אַלץ אין מיר בענקט און לעכצט נאָך דיר... קראַמפּירענדיג. דו מוזט געהערען צו מ'ר. דו ביסט מיינער. טוליעט זיך צו אים ליידענשאַפטליך, ער שטופט זי אַב גראָב פון זיך.

שלמה:

ציניש. דיינע ווערטער זענען, ווי דאָס בילען פון הינט.

אַנאָרקאַ:

העפטיגער. דיך וויל איך — נאָר דיך אַליין — — כ'האָב דיך ליב — — רופט אויס. אונז ביידע וועט שוין קיינער נישט שיידען.

שלמה:

שארף. העך מיך אויף צו מוטשען.

אַנאָרקאַ:

צוּבּראָכען. קוק ווי איך זעה אויס: כ'בין איינגעדאַרט, מיין לייב איז פאַרצערט; כ'ווער אויסגעטריקענט פאַר דער צייט. דו קענסט

שטילען מיינע אַלע פאַרלאַנגען, און מיך צופרידענשטעלען.
העכער. אָהן דיר קען איך נישט לעבען... מוז איך אויסגייען...
כ׳בין אַ שאָטען...

שלמה:

גערירט. כ׳קען דיר נישט העלפען.

אַנאָרקאַ:

מיט בלאַנדזשענדיגע אויגען. פאַרוואָס?

שלמה:

ווי א סוד. ווייל, כ׳בין נישט מיינער: יעצט בין איך דאָ,
אָבער שפּעטער אין אַ מינוט אַרום — וואָס קען זיין..?

אַנאָרקאַ:

אין שרעק. וואָס הייסט —

שלמה:

אונזער איינער אַ חבר־המאַן טאָר נישט טראַכטען, וועגען
זיך אַליין. שטילער. אויף אונז לויערט מען, די שרעק איז גרויס,
דער מלאך המות מיט זיינע טויזענט אויגען היט גיריג. אָב
אונזער נשמה: מיר מוזען שטענדיג זיין וואַך, פריי...

אַנאָרקאַ:

שלאָגט אים איבער. וויל איך דיר צונעמען, די פריי?

שלמה:

יאָ. העכער. כ׳מוז זיין פריי — כ׳טאָר צו קיינעם נישט
געהערען — אז נישט בין איך ווי אַ געבונדענער פויגעל, וואָס
קען נישט אַוועקפליהען. ווער בין איך און וואָס איז
מיין? וואו קען איך הויזען..? מיט א ברייטען זשעסט. אויף אַלע
ריזיקאַלישסטע וועגען און שטעגען רוה איך, אין אַלע געפער־
ליכסטע ערטער באַווייז איך מיך, ווי אַ מחבל שוועב איך אַרום:

די גאַנצע וועלט איז מיין היים, יעדעס לאָך מיין דירה, יעדער דאַך און פּליט אַנ׳אָרט פון וואַנען כ׳קען אַנטרונען ווערען, כּדי צו בלייבען ווייטער לעבען — זיין פריי... *רופט אויס.* וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט דאָרט בין איך, וואו דער ווינט בלאָזט דאָרט קען מיך דיין רוף דערגרייכען — וועסטו מיך אמאָל דאָרט טרעפען פאַרבלייב איך מיט דיר... בין איך דיינער...

*אנטלויפט.*

## אַנאָרקאַ:

*איילענדיג.* וועל איך דאָרט זיין, מיט דיר. *וויל אים נאָכלויפען.*

## שלמה:

*קומט נאָכאַמאָל צוריק.* דערווייל מוזט דו נאָך דאָ פאַרבלייבען. אז כ׳וועל ברויכען, וועל איך דיך אַ רוף געבען. *פאַרשווינט.*

## אַנאָרקאַ:

*זינקט שוואַך.* וואָס וועט זיין, מיט מיר? פאַרוואָס לאָזסט דו מיך איבער, דאָ אַליין..? *שטייט קיים אויף די פיס, וואַקעלט זיך כּסדר אומצופאַלען, צולעצט לעהנט זי אָן דעם קאָפּ אין די מויער, בלייבט אין אַ פאַר־שטיינערטע פּאָזע אַ לענגערע צייט. קורצע פּויזע. אָלעק קומט אָן, אַנאָרקאַ ווי אויפגעכאַפּט פון שלאָף, קוקט דערשראָקען אויף אים.*

# אַכטע סצענע.

## אַנאָרקאַ — אָלעק.

## אָלעק:

*אַנקומענדיג.* ער האָט דיך אַדורכגעלאָזט. כאַ—כאַ—כאַ! ס׳איז שוין גענוג... צו וואָס טויגסטו אים יעצט? ס׳פעהלען אַנדערע שענערע, ווי דו..? *לאַכענדיג.* דו ביסט געווען אַ שפּילעכעל,

באַ אים אין די הענט. זינגעריש. יעצט האָסטו דיין סוף. כאַ—
כאַ—כאַ. לאַכט ציניש.

אַנאָרקאַ:

שוואַך. האָסט מיך אַמאָל ליב געהאַט —

אָלעק:

ביסט דאָך גרויס געווען באַ דיר, געוואָרפען מיט מיר.

אַנאָרקאַ:

מיט געבעט. נעם דו מיך —

אָלעק:

כ׳האַס דיך.

אַנאָרקאַ:

מיט בלאָנדזשענדיגע אויגען. פאַרוואָס?

אָלעק:

אויפגערעגט. אַוועק פון מיר. דו ביסט אַ שלאַנג. פּלוצלינג.
ער קען נאָך אונטערקומען און מיך דאָ פּאַקען, בין איך גע-
האַנדעלט. ער לאַווירט שוין אויף מיר פון גאַנץ לאַנג. צו
וואָס, שפּילען מיט פייער? כ׳וועל בעסער אָבציהען, ר׳זאָל מיך
נישט דער׳קנס׳ן... כ׳ווער אַ האָז. וויל גייען.

אַנאָרקאַ:

פאַרהאַלט אים. ער קען נאָך חרטה האָבען און צוריקקומען
צו מיר, מיך איבערבעטען —

אָלעק:

פלעגמאַטיש. ס׳טרעפט אַמאָל אַז שפּעטער דערזעהט ער
ערשט, דעם פעהלער וואָס ר׳איז באַגאַנגען. אָבער, זייער
זעלטען. צוגעבענדיג. אויב ער וועט דאָ אָנקומען, זאָלסטו פאַלען
צו זיינע פיס, קושען און הייס בעטען אים, ר׳זאָל דיר פאַרגעבען...

אַנאָרקאַ:

שארף. ניין.

אָלעק:

אַזוי גאָר?

אַנאָרקאַ:

אקצענטירט. ער עקזיסטירט שוין נישט פאַר מיר.

אָלעק:

לאַכט ציניש.

אַנאָרקאַ:

מיט א וויי־געשריי. העלף מיר. כ׳האָב דאָך קיינעם נישט אויסער דיך: דו ביסט שטענדיג געווען מיין איינציגער פריינט אין לעבען... זיי יעצט מיין באַשיצער. פאַרבלייב מיט מיר — —

אָלעק:

אַוועק. הייבט אויף די האנט אויף איר.

אַנאָרקאַ:

מורמעלט. אַלע זעבען מיינע שונאים, ווילען זעהען מיין סוף. פאַלט שוואַך אַנידער אויף די טרעפּען, ליגט אַזוי דאָרט א לענגערע צייט, אָלעק בייט האַסטיג צו איר, גיט עפּעס שנעל, וויל אַנטלויפען.

אַנאָרקאַ:

שעפטשעט. וואָס איז דאָס?

אָלעק:

פון דערווייטען. ס׳וועט דיר צונויץ קומען. פארשווינט.

אַנאָרקאַ:

פּאַקט עס אויף מיט ציטעריגע הענט, דערזעהט עס, פאַלט מיט אַנ׳אויס־געשריי צו דער וואַנט. אַ—אַ!

שלמה:

קומט אַן.

# ניינטע סצענע.

## שלמה — אנאָרקאַ.

### שלמה:

פייווּלאָניש. ער איז גערעכט. וועמען האָסטו אויף דער גרויסער וועלט. ווער אינטעריסירט זיך, מיט דיין גורל? ווער וויל וויסען פון דיר..? נאָך אַ ווייַלע. צו וואָס, דיך מאַטערען... פאַר וועמען...

### אנאָרקאַ:

ווי אונטער אַ היפּנאָז. אלץ צוליב דיר—כ׳האָב דיך ליב— —

### שלמה:

שפּאָטיש. דו ליידסט איבער מיר. כ׳האָב דיך געברענגט דער׳צו. לאַכט ציניש.

### אנאָרקאַ:

פעסט. יאָ, דו.

### שלמה:

ווי פריהער. כ׳בין דאָך פאַר דיר שוין געשטאָרבען —

### אנאָרקאַ:

אָבער...

### שלמה:

כיטריע. באַפריי דיך דערפון.

### אנאָרקאַ:

האָט נישט פאַרשטאַנען. וואָס הייסט?

### שלמה:

שאַרף. מאַך דיר אַ טויט —

### אַנאָרקאַ:

היסטעריש. כ'האָב דאָך געלעבט נאָר פאַר דיר... דו ביסט מיין לעבען געווען...

### שלמה:

דעמאָניש. שטאַרב, וועסטו באַווייזען ווי גרויס דיין ליבע איז געווען צו מיר; ווי ד'האָסט מיך שטאַרק ליב געהאַט, אַז דו ביסט געפאַלען אַ קרבן. העכער. יאָ, מיט דיין בלוט וועסטו אויסקויפען פון מיר דיין נשמה, ריינוואַשען דיינע אַמאָליגע זינד. צוגעבענדיג. ד'האָסט נישט אויף וואָס צו האָפען. וואָס קענסטו נאָך דערוואַרטען פון דיין לעבען? ביסט אַ געפאַלענע, זינקסט וואָס אַמאָל אַלץ טיפער, צו וואָס דאָס מאַטערען — פיהרסט אַ מלחמה מיט'ן ווינט — ביסט פאַרלוירען... גלייכער פריהער מאַכען אַ סוף מיט זיך, איידער אַזאַ לעבען פול חרפות און בושות, האָסט גאָרנישט צו פאַרשפעטיגען... וועסט ווייניגער ליידען, אויסגעפרעסען ווערען פון לעבען... שטאַרב!

### אַנאָרקאַ:

מיט אַמאָל. גוט. כ'באַשטיי. פאַרצווייפעלט. כ'בין שוין שוואַך... כ'וויס נישט, וואָס טוט מען? וואָס טוט מען..?

### שלמה:

ועל איך דיך לערנען. נעמט דעם רעוואָלווער. אָט אַזוי, איינס, צוויי, דריי—און פאַרטיג. ווייזט איר ווי אַזוי מ'צילט אין זיך.

### אַנאָרקאַ:

קוקט אויף אים מיט מאַטע אויגען, איז פול מיט שרעק, זי ציטערט אַלע ווײלע — ווי זי וואָלט פאַרגעסען אין אַלץ, שטייט זי פאַרזינקען אין בעדאַנקען. פלוצלינג ווערט איר פנים אויסגעלייטערט, די אויגען ברענען מיט אַ ברין פייערל. זיי זעהען אויס עפעס געהיימנישפול, ווי זי וואָלט באַהאַלטען אַ גרויסען סוד.

פ ו י ז ע.

שלמה:

דערלאנגט איר דעם רעוואלווער. נא דיר.

אנארקא:

מיט צופרידענקייט. גוט

שלמה:

פארזיכטיג. ווייסט שוין?

אנארקא:

יא.

שלמה:

לאכט ציניש.

אנארקא:

נאך א ווײַלע. שטיי. כ'שיס. צילט אין אים שנעל, שיסט אויס — ווען זי דערזעהט דאס פייער פון דער קויל, בלייבט זי צומישט א לענגערע צייט, שלמה איז געבליבען שטייען רוהיג, אויף זיין פריהעריג ארט, נישט ענדערענדיג זיין פאזיע — ער לאכט נאר ציניש און הויך אויפ'ן קול.

שלמה:

סארקאסטיש. כ'בין א געניטער. ס'טרעפט מיך נישט קיין קויל — כ'זעה באלד ווער ס'צילט אין מיר. מ'כאפט מיך נישט אזוי לייכט לעבעדיגערהייט, אויסער בא אויסערגעוויינליכע פאלען; אבער, זייער זעלטען... העכער. ווי דער וויגט בלאזט דארט בין איך, אויף אלע שטעגען און וועגען רוה איך, צווישען גרעסטען מענטשען־געוווירבעל וואקס איך אויס, און קיינער זעהט מיך נישט... אין עק־וועלט געפינסטו מיך. כ'שוועב, כ'פליה — דער רוח אליין בין איך... שא, אט האט געגעבען א שארך, און כ'בין שוין נישטא... כא—כא—כא! אנטלויפט.

אנארקא:

יאמערליך. וואס זאל איך יעצט טוען?

שלמה:

פון יענער זייט. דו מוזט דיך מאַטערען אין יסורים, אָדער— אונטערגייען. פארשווייגט.

אַנאָרקאַ:

שטייט קוים אויף די פיס. ניין, כ׳בין שוין שוואַך... כ׳פיהל ווי די לעצטע כוחות פאַרלאָזען מיך... פאַלט.

פויזע.

אונטער די בינע ווערט א באוועגונג, א גערודער, אין א ווײַלע ארום לויפען פון אלע זייטען פארשידענע נקבות צושראָקענע, מיט בלייכע פנים׳ער, זיי איילען שטיל ווי די שאָטענס, אין דער גרעסטער צורודערקייט — פארשווינדען.

# צענטע סצענע.

קולות — אַנאָרקאַ — עמיצער שפעטער
נקבות און שלמה צולעצט פּאָליציי.

קולות:

פון אלע זייטען. דער טויט גייט —

אַנאָרקאַ:

ווי אויסגעלייזט. וואו איז ער..?

עמיצער:

אָנקומענדיג. אָט, דאָ בין איך, געבען דיר. גייט נאָהענט צו איר, וויל זי ארומנעמען.

אַנאָרקאַ:

אין שרעק. וואָס ווילסטו?

עמיצער:

מיט א געדעמפטער שטים. דיך וויל איך. — צוגעבענדיג. ווער ס׳רופט נאָר מיך, צו דעם קום איך באַלד. לאַכט שיטער.

אַנאָרקאַ:

פאַרווינדערט. פאַרוואָס אָבער האָסטו מיך אויסגעקליבען?

עמיצער:

שטיל. ווי דו ווילסט. מיר איז נישט קיין אונטערשיד. ווער און וואו — כ׳וויל נאָר שטילען מיין באַגעהער... כ׳מוז איבערקומען מיין צייט... וויל גייען.

אַנאָרקאַ:

שנעל. בלייב.

עמיצער:

היימעריג. מוזסט פאַרבלייבען מיט מיר, אַ קורצע ווייל, כ׳מאַך עס שנעל. צו איר. באַשטייסט דו?

אַנאָרקאַ:

צופרידען. יאָ, כ׳האָב שוין סיי ווי אַלץ פאַרשפּילט אין לעבען... כ׳קען גאָרנישט אָנווערען.

עמיצער:

תאוה׳דיג. גוט. כ׳האָב ליב אַזעלכע נקבות, וואָס געבען אַליין זיך איבער.

אַנאָרקאַ:

נייגעריג. האָסט הנאָה דערפון —

עמיצער:

ניין. צוגעבענדיג. כ׳האָב נאָר אַמאָליגע זכרונות וועגען זיי, ווערט טיילמאָל דערוועקט אין מיר דער חשק פרויען צו זעהען און גאַנץ לייכט פאַרשפּילען מיין געמיט צווישען זיי... נישט־מעהר... דאָס איז אַלץ...

אַנאָרקאַ:

קעציש. און דו צאָהלסט גוט?

עמיצער:

דעם טייערסטען פרייז, כדי יעדע צו לאָקען, זי זאָל וועלען פאַרברענגען מיט מיר. צוגעבענדיג. אָט דאָס איז מיר נאָר געבליבען, אויף די וועלט, פון מיין גאַנצער אַרבעט. לאַכט שיטער.

אַנאָרקאַ:

מיט אמאָל. כ׳וויל זעהען וויפיל דו פאַרמאָגסט, כדי צו־וויסען, צי ס׳לוינט אַוועקגעבען דערפאַר מיין לעבען —

עמיצער:

מיט גרויסקייט. דאָס קען איך דיר צוליב טוען. נעמט ארויס פולע הויפענס מיט געלט, זי בלייבט שטייען ווי פאַרגליווערט, קוקט דארויף מיט גיריגע אויגען.

עמיצער:

נאַ דיר. גיט איר א קופּע.

אַנאָרקאַ:

מיט א ווילדער הנאה. שיט וואָס מעהר. אַלץ געב אַהער. מוזט זייער טייער באַצאָלען פאַר מיין לעבען, וואָס כ׳פאַר־קויף דיר... אַלץ וויל איך פון דיר... אַלץ וואָס דו פאַרמאָגסט... דיין נשמה וויל איך...

עמיצער:

שיט פולע הויפענס מיט געלט־שטיקער, זי פארשטעקט עס פיבערהאפט, באהאלט בליץ־ בעל, ס׳געדויערט א קורצע ווייל — ביידע זענען צופרידען — צולעצט רופט ער אויס. האַלט.

אַנאָרקאַ:

מיט שטראַלענדיגע אויגען. ביסט נאָך אַ לייט —

עמיצער:

כיכיקעט. דאָס איז אַ מאַסקע, כדי צו כאַפּען נשמות אין מיין נעץ אריין.

פ ו י ז ע.

עמיצער:

קום. נעמט זי בעאָרעמט, ווייל גייען מיט איר.

אַנאָרקאַ:

שטעלט אים אָב. ביסט דאָך אייז־קאַלט?

עמיצער:

דאָס איז מיין מאַכט. צוגעבענדיג. דער וואָס רוהט אין מיינע אָרעמעס, פאַרגעסט שוין אין אַלע זאָרגען; ווערט פריי פון יסורים און מאַטערנישען — וואָס ר'האָט געהאַט אויסצושטייען באַ'ם לעבען — ער שלאָפט רוהיג...

אַנאָרקאַ:

גיט די לעצטע כוחות. כ'וויל אַוועק פון לעבען. כ'האָב שוין נישטמעהר קיין כוחות צו ליידען. כ'בין אויסגעשעפּט. מיט יאוש. אַלץ האָב איך פאַרלוירען... אַלץ... כ'וויל שטאַרבען... וואָס שנעלער... צו אים. געב מיר דעם טויט!

עמיצער:

כ'וועל דיך אויסלייזען. פירט זי שנעל אָב,ביידע פארשווינדען.

פויזע.

אַנאָרקאַ:

לויפט אַרויס ווי משוגע, מיט צושויבערטע האָר און ווילדע אויגען קוקט זי ארום זיך, שרייט יאָמערליך. ער האָט מיך אָנגעשטעקט... כ'בין פאַר־לוירען... אַ—אַ! צוליב וואָס האָב איך עס געטוען? ווער האָט מיך אָנגערעדט דערצו..? ווילד. כ'בין פול מיט גיפט... ער האָט מיך פאַר'סמ'ט... ס'שטיקט מיך... כ'וועל עס שוין נישט איבערהאַלטען... אַ—אַ! פאַלט אַ טויטע.

פון אַלע זייטען לויפען אָן נקבות, זיי רינגלען זי שטום ארום, טייל מורמלען עפּעס איבער איר, שושקען אין דער שטיל.

### שלמה:

אַנקומענדיג, דערזעהט זי ליגען אויף דר׳ערד, פאַלט ער צו נאָהענט צו איר און רעדט דערשלאָגען, דערבּאַ שאַרף אַקצענטירענדיג. זי איז אויסגע-גאַנגען. ז׳האָט שטיל געלעבּט, ווי אַ שאָטען, און געפאַלען. דערשטיקט פון לעבּען, אויפגעפּרעסען איז זי געוואָרען — פון דער בּעסטיע. צוגעבּענדיג. מיר ווערען אַלע אויסגעראָט... ווי די שטשורעס... פאַרטיליגט... מיט פאַרשידענע מיטלען... ס׳זאָל אַפילו גישט בּלייבּען אַ זכר נאָך אונז... ווער וויל עס וויסען? ווער אינטערעסירט אונזער גורל? כאַ—כאַ—כאַ! געפאַלענע מענטשען מוזען זינקען וואָס אַמאָל אַלץ טיפער און אונטערגייען... כאַ—כאַ—כאַ!

מ׳הערט אַ קריי פון אַ האָן.

### שלמה:

שפרינגט אויף. דער טאָג קומט! חברה, אַנטלויפט!

### אַלע:

פאַרשווינדען.

ס׳קומען אָן עטליכע פאָליציי-לייט, איינער האָט בּאַמערקט ליגען דעם טויטען קערפּער און ער בּלייבּט שטייען פאַרוואונדערט, טייל ציהען אַרויס לעמפּלעך און בּאַלייכטען דאָס אָרט מיט אַ גרינעם שיין.

### פאָליציאַנט:

צו זיי, בּאַפעהלעריש. צונעמען.

ס׳געשיהט.

פ ו י ר ה א נ ג.

# בלאט לשון:

כאָנע, שאַכטע, לעדער־
פערד, לאַרוויסקע, באָס — נקבה.

טשיזי — דער מענטש.

טשערמעק — קלאַפּ.

טאָקען — געבען.

פוצט — חוזק׳ט.

שטומפּ — פרייער.

לאַבראָוואַנץ — טויגנישט.

באַש, קעש, קלימפּערס — געלט.

כילי — גיי.

שב׳ען — זיצען.

סאַנזשיר — ציה.

פאַרליאַפּעט — פאַרליבט.

לויז געגאַנגען — אַרויס אויף דער פריי

אויסגעסטראָצעלט — אויסגעפוצט.

אויסגע׳שחור׳ט,
פאַרשיט, אַ שליקערץ — אויסגעגעבען.

איינגעקוועטשט — איינגעזעצט.

פינקלען — רייכערען.

מאַרוויכער — גנב.

אַ האָז — פליטה.

סליחה׳נען — מסר׳ען.

דערשנאַפּט — דערשמעקט.

| | |
|---|---|
| אַדורכגעלאָזט | — פאַרשפּילט. |
| אַנ׳עולה | — שלעכטס. |
| צושרויפּט | — צוטראָגען. |
| שנעלען אין האַלז אַריין, ששיען | — טרינקען. |
| דאָס מהיה׳לע | — שמחה. |
| שמאָנדאַק | — יאָלד. |
| די זריקה | — אָפּשניט. |
| טיצען | — נאַרען. |
| אין קיטש, יושב בסתר | — תפיסה. |
| בענדיגען | — בייקומען. |
| די טאָורעל | — טייסטער. |
| צוגעגראַפּט | — צוגע׳גנב׳ט. |
| אַ לאָך | — אַגענט. |
| אָבהיימען | — הרג׳ענען. |
| אויף צונג | — סימנים־געבער. |
| סכאָקער | — שפּילער. |
| הערשען | — כאַפּען. |
| לויף־פּאַס | — מ׳וואַרפּט אים אַרויס |
| נעסקים | — שוויג. |
| בייזעל, מלינה | — הייזעל. |
| אָבציהען | — אַנטלויפען. |
| פּענט | — שנאָרען. |
| אויפ׳ן זיכער | — אויפ׳ס כח. |
| די מערכה | — גליק. |
| באַזשאַמט | — שכור. |

בלאָזען — גרויס־האַלטען.

כתיבה — שוואַרץ־ביכעל.

לאַזשיק — קריכער.

לאַווירט — שפּיאָנירט.

דער׳קנס׳ען — פּאַקען.

אונטערקיפּען — אונטערהאַקען.

לאַביי — שפּיטאָל פאַר ווענע־רישע קראַנקע.

פאַרדינען — נעמען.

געגאַנגען — איינגעגעבען.

געהאַנדעלט — פאַרטיג.

גוט געמאַכט — אויסגעפּועלט.

געזעהען זיך צוקאָפּענס — געטויגט פאַר זיך.

געשיקט לופטערען — אַוועקגעוואָרפען.

געוואָרפען אַנ׳אויג — געפעלסט מיר.

כח־געשעפט — גראַנדע.

גראָב — אַ סך.

בעסטע — שענסטע.

בעלע — ביאַלאַ.

דערדע מיט׳ן טאָפּער — 4

זיץ און ווערזע — 6

פּייפסטו אָן אַוואַלץ — לאַכסטו דיך אויס פון אַלע.

צייכענונג

פון קונסטמאָלער

יצחק בראינער, ווארשע.

געזעצט: מ. ליבעסקינד, לאָדזש

פולנאָצנע 23. געדרוקט: י. דיאמענט

לאָדזש קילינסקי 50. געדרוקט

אין 1000 עקז. און 300

עקז. אין פראכט

אויסגאבע